א מאַטאָנע אייך

בען גאָלד

פאַר א פריילעכער וועלט.

סעם ליפּצין






# קריג און זיג

פון סעם ליפּצין

ארויסגעגעבן פון

**אַמאַלגאַמייטעד ברענטש 82**

אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־אָרדן

ניו־יאָרק, 1942

ביכער און ביכלעך פון סעם ליפּצין (קוועקזילבער):

איך לאַך פון דער וועלט
מיט געזאַנג אין קאַמף
אַף לייטיש געלעכטער
געקעמפּט און געלאַכט
לעבעדיק און לוסטיק
פאַר רויטע אַוונטן
רויטע פעפערלעך
אַ גוט־יאָנטעוו
לאָמיר זינגען
ניטגעדאַיגעט
קאַמפּלוסטיק
אַ פריילעכס
גוט־מאָרגן

**KRIG UN ZIG**
**(WAR AND VICTORY)**

Copyright by
**SAM LIPTZIN (Queckzilber)**
New York, N. Y.
1942



Printed in U.S.A.

דראַמקרייזן און פּראָפעסיאָנעלע פאָרלייענער, זיינען געבעטן צו מעלדן
דעם מעכאַבער אין וועלכע מאַנאַלאָגן אָדער איינאַקטערס
זיי טרעטן אַרויס.

אַדרעסירט: סעם ליפּצין, 35 איסט 12־טע גאַס, ניו־יאָרק.

# אינהאַלט:



## מאָנאָלאָגן און הומאָרעסקעס



## טעאַטער־שפּילן



## זינגען מיר (לידער אויף פּאָפּולערע מעלאָדיעס)



פאָדערבלאַט געצייכנט פון וויליאַם גראָפּער.

בילד פון טש. קופּער.


הויפּט־פאַרקויף: „פרייהייט בוך־געשעפט", 35 איסט 12־טע גאַס, נ. י.

# אַ וואָרט פֿון דעם סעם ליפּצין יובּיליי-קאָמיטעט

סעם ליפּצין, דער פּאָפּולערער הומאָריסט, דער פֿאָלקיש-גוטמוטיגער אָנקל סעם פון אונזער ליטעראַריש-פּראָלעטאַרישער סוויווע, האָט שוין אַריינגעלייגט 20 יאָר פון זיין לעבן אין שאַפ און אין רעדאַקציע, אויף פּיקעט-ליינס און אויף דער פּלאַטפּאָרמע — שרייבנדיג, רעדנדיג און קעמפנדיג.

סעם ליפּצין, דער קוועקזילבער-טריבון, וועלכער איז באַקאַנט אויף דער אידישער אַרבעטער-גאַס איבער גאַנץ אַמעריקע, ווי דער שניידערישער שרייבער און ווי דער שרייבערישער שניידער. אומעטום זינגט מען זיינע לידער און אומעטום לייענט מען פאַר זיינע הומאָרעסקעס. די ניו-יאָרקער שניידער-מישפּאָכע באַטראַכט אים ווי איר וויכאָוואַניק, און ער איז אַד-האַיאָם טיף איינגעוואָרצלט אין דער ליבהאַרציגער סוויווע פון אונזערע נאָדל-אַרבעטער.

און איצט, ווען ס'איז געקומען דער טאָג פון זיין יובּיליי, 20 יאָר פעז-אַרבעט, — זינט ס'איז דערשינען זיין ערשטער בוך, און איצט די דערשיינונג פונם 14טן בוך — „קריג און זיג“, זיינען די נאָדל-אַרבעטער די שותפים מיט אונז אין דער פייערונג.

דער קאָמיטעט צו פייערן ליפּצינ'ס 20 יאָר געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט באַשטייט פון שריפטשטעלער, קינסטלער, פירער, טוער פון די נאָדל-טרעידס — אַ צוזאַמענשטעל פון מענטשן, וואָס כאַראַקטעריזירט די אַלזייטיגע טעטיקייט פון סעם ליפּצין. דער קאָמיטעט באַגריסט ליפּצינ'ען צו אַט-דעם פאָלקס-יאָנטעוו און ווינטשן אים נאָך אַ סאַך יאָרן פּראָדוקטיווע ארבעט.

„מארגן-פרייהייט“ רעדאקציע, „מארגן-פרייהייט“ פארוואלטונג, פּ. נאוויק: קאונסיל פון די אידישע קאמוניסטן, מ. שטיינבערג.

אמאלגאמייטעד טוער — סאל פעסיקאף, וויליאם קויפמאן, מאריס שניידערמאן, מאקס לעסער, א. קאלב, אראן זאליטשין, א. מילער, ב. גראס, ה. סילווערמאן, סעם ראפּזינסקי, סערע קאהן, הערי מאריסאן, אוירווינג רייסין, בען לעווינ, מ. באיארסקי, י. קראיט, י. עווין.

אינטערנעשאנאל טוער — י. בארוכאוויטש, פעני גאלאס, ס. ווייסבערג, דז. ראפּאפּארט, סאני טשייקין, נ. קאפּלאן, ד. קופּער, וויליאם גרינבערג, מ. בלומענקראנטץ, טש. נעמיראף, אל בראנשטיין, ארנאלד עימס, דזש. בייקין, שייפער, נ. ביילים, א. לאנדיס. פעינטער — א. לאטקער.

אינטערנאציאנאלער ארבעטער ארדן — מאקס מענדל, ס. סאקמאן, מ. מאקאווסקי, מ. מישקין, ד, שפּיגל, מאטל גנאפּאליער.

קאאפּעראטיווע קאלאניע — ה. פּאמין.

מאקס לעסער — סעק. פונם קאמיטעט.

---

אַ דאַנק אייך!

מיין האַרציגן דאַנק דעם יובּיליי-און-בוך-קאָמיטעט, אַלע כאַווירים, פריינט, באַגריסער און אייך לייענער. מיט אייער הילף איז געוואָרען מעגלעך דאָס ארויסגעבן פונם בוך „קריג און זיג“.

ס ע ם   ל י פ צ י ן .

# איך בין ניט קיין פרעמדער!

(מאנאלאג פון אן אימיגראנט)

הער אויף צו טייטלען אויף מיר מיט דיין פינגער, דער פינגער וואס געהערט צו דיין שווארצער האנט! דיין האנט וואס וואשט די האנט פון דעם סוינע, מיין סוינע, דעם סוינע פון לאנד, דעם סוינע פון דער מענטשהייט. אין די נעכט פארברענגסטו אין די נאכט־קלובן, טרינקסט וויין, פרעסט הענדיק און ווינקסט מיט דיין קרומער אויג; — בייטאג, בייטאג פירסקעסטו מיט דעם שלאנגען־גיפט און פאכעסט מיט דיין רויטן הערינג. דו ביזט דאיעז און ווילסט זאגן דייעס . . . דריי אוים דעם פינגער צו זיך — דא איז דער סוינע, דער סוינע פון דער מענטשהייט.

איך בין א בירגער פון לאנד און א הייסער פאטריאט, צי איך האב איך ליב דעם אדער יענעם פאליטישן, צי ניט. איך האב ליב דאס לאנד, מיט די בערג און טאלן, מיט די זומפן און גרינע לאנקעס — האב איך ליב! איך האב ליב די מיליאנען מענטשן, וואס ארבעטן, זייען און פלאנצן און מאכן דאס לאנד רייך און שיין. איך האב ליב מיין לאנד, צי איך רעד דאס ארוים מיט אן אקצענט, — צי איך רעד דאס ארוים דורך זשעסטן מיט די הענט; אבער יעדעס ווארט — איז מיט הארץ, מיט הארץ פאר מיין לאנד.

ניט בלויז די בירגער־פאפירן אליין גיבן איינעם דאס רעכט צו רופן זיך „בירגער פון לאנד", ניט די שיינע, געדרייטע אונטער־שריפט מיט דעם שטעמפל, מאכט איינעם פאר א גוטן בירגער פון לאנד: ניט דערפאר, וואס איינער איז געבארן געווארן אין אן אמע־ריקאנער בעטל, איז ער מיט דעם שוין אויך געבארן געווארן אלס דער פיינער, העכערער מענטש. ניין, אין זעלביגן וואלד קאן געבארן ווערן אי א וואראנע, אי א נאכטיגאל . . .

מ י י ן בירגערשאפט איז דרייסיג יאר ארבעט, ארבעט פון דעם אימיגראנטישן אינגל, וועלכער איז געקומען אהער מיט די רויטע בעקלעך — ארבעטן אין פארשיידענע פאבריקן און שעפער. און איצט זיינען די באקן שוין איינגעפאלענע, צעקנייטשטע . . .

מיין בירגערשאפט באשטייט אין קריכן אויף רעשטעוואניעס,

אין מיין־גרובנס, אין זייערע שניידן, אין דעם אפגעהאקטן האנט־פינגער אין דער שטאל־פאבריק, אין דער צעפרעסענער לונג — אין דעם שניידער־שאפ, אין מיינע רומאטיזירטע פיס פון שטיין ביים האס אין היץ און אין קעלט.

מיין בירגערשאפט באשטייט אין מיין ארגטלעכן שטיקל ברויט, צוליב מיין שטיין אין די מארקעטס, צוליב מיין גיין זוכן ארבעט, צו־ליב מיין אפליגן אין די פאבריקן און ציען פון דארט מיין ברויט פון מיין פראצע.

מיין בירגערשאפט באשטייט אין געבן מיינע זין פאר דער אר־מיי, אין געבן מיין בלוט פאר די פאחוואונדעטע, אין געבן מיינע אפגעשפארטע סענטן פאר דעפענס־באנדס און מיין צוטרוי אין א זיג — א זיג פאר פרייהייט, א זיג פאר מיין לאנד.

דו רופסט מיך „פרעמדער", „וואנדערנדיגער איד"; דו מיינסט, אז ווען דו וועסט מיר באליידיגן, וועל איך דיר איבערלאזן האב־און־גוטס און אנטלויפן. אויף דעם ווארטסטו, דו הולטאי?!

ניין, נים א י ד בין דער „פרעמדער" דא אין לאנד. איך האב אין ניו־יארק קליידער גענייט; אין פענסעלוויניע — קוילן גע־גראבן: אין פיטסבורג — שטאל געבויגן; אין שיקאגע האב איך אין די שלאכט־הייזער געארבעט; אין עקראן — ערא־פלאנען געמאכט; אין ראטשעסטער האב איך געבלענדט די אויגן ביי די „קאדאקס"; אין דעטראיט — געמאכט אויטאמאבילן; אין דער סאוט — געארבעט אויף די פעלדער: אין פלארידע — אויף פלאנטאציעס און אין קאלי־פארניע האב איך געבויט דאמבעס, געטריבן שיפן, געאקערט ערד, געשניטן קארן. אין יעדער שטאט, אין יעדער שטעטל האב איך, דער „פרעמדער" — געבויט פאבריקן, הייזער, וואר־הייזער, פאלאצן. אפילו די צאמען וואס פארשטעלן פאר מיר דעם וועג, — פאר מיר, דעם בויער, דעם שאפער, — אפילו אט־די צאמען האבן מיינע הענט געמאכט.

און דו? — דו ביזט א „היגער", דו פארסט בלויז א „געמבל־טאן" קיין איטאליע: א הוליע־טאן אין פאריז; א קוק טאן אויף א גיישע אין יאפאן; א טרונק־טאן אין א היטלער־סאלון אין דייטשלאנד, און איבעראל — אפזעצן אביסל סוידעס פון אונזער לאנד.

דו שפילסט די ראליע פון א סופער־פאטריאט, און דיין פאט־ריאטישע מעניו ווייזט אלעמאל דיין פינצטערן אפעטיט: א איד —

פאר אנבייסן; א נעגער — פאר מיטאג; און א קאטאליק — פאר סאפער.

דו ביזט א קאניבאל — א  ק א נ י ב א ל !

איך בין געקומען אהער אינם לאנד צו העלפן בויען, לעבן, און אויב נויטיג — בין איך גרייט אויך צו  ג ע ב ן  מיין לעבן — פאר דעם לעבן פון מיין לאנד! פאר דער פרייהייט פון מיין לאנד! נעם אוועק דעם פינגער, דעם פינגער מיט דער שמוציגער האנט!

# צייטן בייטן זיך!

(מאנאלאג)

איך זאג אייך, מיר לעבן איצט אין א צייט, וואס ניט נאר זיינען מיר ניט זיכער מיטן מארגן, — נאר אפילע דער היינט, ליגט אויך ניט אין אונזערע הענט. ווארים ווער האט זיך דאס פארגעשטעלט, אז היטלערקע מאמזער, זאלן קריגן דעם „סוויטש" אין זיינע הענט און קאנען ברענגען אזויפיל פינצטערניש — יא, יא, היטלערקע האט געשאפן דעם „בלעקאוט" איבער דער וועלט . . .

ס'איז עמעס, אז נאך דער פינצטערניש וועט מוזן קומען ליכט, אבער דערהווייל — איז פינצטער . . . און נאך ווי פינצטער . . .

דאס ערגסטע דערביי איז נאך, וואס אין דער פינצטער קומען ארוים די מייז אפן טיש . . . און איר זענט שוין טאקע ניט זיכער אפילע מיט אייער שטיקל ברויט!

איך זאג אייך, ס'וואלט זיין א סאך צום לאכן ווען ס'איז ניט אזוי טרויעריג. גיט טאקע א טראכט, ווי „קאמיש" דער נעכטן זעט אוים היינט, און וואס פאר א פאנים דער היינט וועט האבן מארגן. אין דער צייט ווען די יוגנט פאלט אויף די שלאכט-פעלדער, און די וועלט טרייסלט זיך ווי אין א קאדאכעס, לעבן גאר אנדערע זאכן אויף, זאכן וואס זיינען נעכטן געווען טויט — שטייען אויף היינט טכיאס-האמייסים. מיין אלטער סוט און שיך האבן געקראגן א ניי פאנים... דער אלטער אייז-באקס האט זיך צוגעפוידערט און צוגעפארבט און געווארן צוריק א גאנצער שפייזער . . . אדער נעמט, צום ביישפיל, דעם נארישן פערד, וואס האט לעצטנס געלעבט בלויז פאר איין צוועק — צו געבן זיין פעל פאר שיך, — איצט שטייט דער פערד ווידער אויף זיינע פיס . . . דער פערד איז איצט צוריק אין זאטל . . . ער בייט שוין איצט פארריסן דעם קאפ און שמייסט ווידער מיטן עק. פאר אים, פארן פערד, איז ניטא קיין מאנגל אין געזאלין, און אויף אויל, אויף ראבער, אויף טאיערס. פאר אים, פארן פערד, איז גע-נוג — אביסל האבער . . . יא, די פערד האבן א סאך אורזאכן צו זיין דאנקבאר היטלער'ן . . .

אזוי בייטן זיך צייטן! ווער האט זיך דאס געגלויבט, אז אלטע פענדלעך, טעפלעך, בלעכלעך, וואס קיינער האט נעכטן אויף זיי ניט געוואלט קוקן, זיינען היינט מיט גאלד צו גלייך . . . וואס רעד איך

מיט גאָלד? — גאָלד איז היינט בלאָטע . . . איצט, זאָגט מען, מיט ראַבער צוגלייך, מיט אַלומינום און צין צוגלייך . . .

צייטן בייטן זיך!

פאַר דער מילכאָמע האָט מען געטראָגן ראַבערנע פּאָדעשוועס און גאָלד אויפן האַלז; איצט, אַז היטלער מיטן מאָלעד־האַמאָוועס האָבן אַלץ פאַרוואַנדלט אין קריג־און־טויט אינסטרומענטן, וועט מען אייך „אָפּגילטן" פאַר ברויט־אייזן, צין אַלומינום, ראַבער; און גאָלד האָט מען אַפילע ניט אין פּאָדעשווע . . . גאָלד וויל שוין איצט קיינער אין מויל ניט נעמען . . .

איצט, ווען אַ מאַמע שטאָפּט אַ קינד מיט גוטע עסנס, וועט מער ניט זיין ריכטיג געזאָגט אַז: „זי שטאָפּט דאָך אים גאָלד אין האַלז". איצט, אין מילכאָמע־צייט איז ריכטיג צו זאָגן: „זי שטאָפּט דאָך אים ראַבער אין האַלז" . . .

אַז אַלרייטניצע וועט זיך איצט שעמען צו טראָגן איר צירונג פון גאָלד און זילבער. ווער רעדט דען איצט פון גאָלד און זילבער? ווער דערמאָנט דאָס אַפילע? איצט וועט אַז אַלרייטניצע זיך פּוצן לויט דער מילכאָמע־מאָדע־1942. אַנשטאָט אַ העט מיט אַ שטרויס־פּעדער — אַן אַלומינום־טעפּל אַפן קאָפּ מיט אַ ראַבער־בענד; אַנ־שטאָט אַ האַלז־באַנד פון פּערל און אַ בראַסלעט פון גאָלד — אַ גומענע קישקע אַפן האַלז און האַנט—אַזאַ מין ספּער־טאַיער . . . דעם פּאַנים, אַנשטאָט שמירן מיט זאַלבן, וועט זי שמירן מיט אויל; און אַנשטאָט פּאַרפיום, וועט זי נוצן געזאָלין . . . הענטשקעס, זאָקן און אַ פּאָקעט־בוק, וועט זי טראָגן פון ראַבער אין פאַרשידענע קאָלירן . . . זי וועט זיך מער ניט גרויסן, אַז איך פאָר באַלד אַרוים מיט מיין געליבטן אין דעם „ראָלס־ראָיס" איבערן שטאָט. ניין, אַ ראָלס־ראָיס איז אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט . . . פון דער אַלטער וועלט . . . פאַר־שטייט זיך, אַז אַפילע דער געליבטער איז אַ פאַרגעסענע זאַך — אַ נעכטיגער טאָג . . . דער געליבטער איז אין דער אַרמיי, אין קריג.

זי וועט זאָגן: איך נעם מיר מיין מאַן, דעם פערד און וואָגן, און מיר'ן זיך אביסל דורכפאָרן . . .

איין זאַך וועט נאָך עפּשער בלייבן פאַ סטאַראָמו, דאָס הייסט, ווי אַמאָל — כאָסענע האָבן, און די אַלע צערעמאָניעס אַרום דעם . . . אָבער דער אויסזען, די כאָסענע־מאַטאָנעס, דער דראַשע־געשאַנק,

וועט זיך זיכער בייטן: אלץ וועט קריגן א ניי פּנים — א מילכאמע־פּאָנים.

דער כּאָסן וועט טראָגן אַנשטאָט א צילינדער — א ראָבערנעם קאַפּטור אויפן קאָפּ; די קאַלע, אַנשטאָט א זיידן קלייד — א ווייסן רעגן־מאַנטל, און אַנשטאָט גאָלדענע, אָדער זילבערנע שיך — ווייסע קאַלאָשן . . .

דראָשע־געשאַנק וועט מען ניט געבן ווי אין דעם אַלטן פּעריאָד: זייגערס, וואַש־בּרעטלעך, טישטעכער, אָדער טעפּלעך. איצט וועט מען געבן א באָקסעלע צוקער . . . א פּעקל ראַזיר־מעסערלעך . . . א בלייפעדער מיט א גומענעם מעקער . . . אָדער א גומעלקע צו א זויג־פלעשל, פאַרן קומענדיקן קינד . . .

א גוטער אינגל אין כיידער וועט מער ניט האָבן קיין „גאָלדן קעפּל", נאָר א קעפּעלע — פון ראָבער . . . א צדאָקע־געבער וועט מער ניט האָבן קיין האַרץ פון גאָלד, נאָר — א האַרץ וואָס איז ווייך ווי גומי . . .

אויף א גוטן רעדנער וועט מען מער ניט זאָגן, אַז ער האָט א גאָלדענעם פּיסק, נאָר פון זיין מויל שפּריצט דאָך אויל און געזאָלין . . . זיין רייכקייט אין וואָרט איז ווי ער וואָלט זיין איין שטיק אַלומינום און צין . . .

מ'וועט מער ניט זאָגן, אַז „ריידן איז זילבער און שווייגן איז גאָלד". די נייע צייט האָט געבּראַכט א ניי וואָרט: „ריידן איז „דזשאַנק" און שווייגן איז צוקער . . .

אַמאָליגע צייטן, ווען איר האָט מיר געהערט דערציילן א מאַיסע־לע, פלעגט איר מיסטאָמע זאָגן: דאָס א מויל, דאָס א פּיסק, מ'דאַרף אים דאָך גיסן גאָלד אין האַלז. היינט לעבן מיר אין א נייער צייט, איצט וועט איר דאַרפן זאָגן: דאָס א מויל — מ'דאַרף אים דאָך גיסן אַלומינום, צין, ראָבער, אויל און געזאָלין . . . אין האַלז אַריין.

נייע צייטן, נייע צייטן!

# „זשיד דאַוואַי ראַשעו!“

(אַן אַנטיסעמיטישע דראַשע)

וואו איר גייט און וואו איר שטייט, זאָלט איר וויסן, אַז אַ רוס, אַ באָלשעוויק, איז אַרום אייד, און ניט נאָר אַרום אייד, נאָר — אין אייד. יאָ אין אייד!

צי איר ווילט יאָ, צי איר ווילט ניט, האָבן זיי שוין אַריינגע־שטעלט אין אייער האַרץ אַ קעמערל, און איר וועט שוין גיין וואו זיי הייסן אייך און טאָן וואָס זיי ווילן פון אייך. איר וועט שוין ביי זיי זיין אַ רויטער — אַ קאָמוניסטן!

ווי זאָגט איר? ניע קאָק ניעטן! זעט איר שוין, אַז איר ווייסט גאָרניט אַז איר רעדט ש ו י ן רוסיש. יאָ, יאָ, עס זיצט שוין אין אייך אַ באָלשעוויק, און ס'איז קיין וואונדער ניט! אַז אַי־בעראַל, וואו איר גייט נאָר אַריין, צום ביישפּיל, אין אַ רעסטאָראַן — שטעכט אייך גלייך פאַר די אויגן — ראַשען־בּרעד, ראַשען באָרשט, ראַשען פּעטשאַ, ראַשען קאַפּוסטאַ, ראַשען קאַוויאַר. (איך ווער צעפּלאַצט, די סלינע רינט מיר פון מויל, איך האָב דאָס גראָדע ליב). און די ראַשען קאַפּטשאַנקעס, די ראַשען סערדינס האָט איר שוין אַמאָל געגעסן? דאָס צעגייט דאָך אין מויל.

און אַ ראַשען־סיל, אָדער אַ ראַשען־לעם פּאַר־קאָוט. אַז אַ פרוי דערזעט עס ווערט זי דאָך משוגע פאַר דעם — זי ווערט דאָך גלייך רויט . . .

אַט־אַזוי שטאָפּן זיך אַן מענטשן מיט די רוסישע זאַכן. עס געפעלט זיי. דאָס ווירקט אויף זייער גייסט און דאַן — מאַכן זיי רעוואָלוציעס.

איר גייט פאַרביי קראָמען, ליגן אין די שוי־פענצטער: ראַשען־סטייל האַלעוואַ, ראַשען־סטייל מינעראַל־אויל, ראַשען־סטייל צו־קערקעס. טראַכטן ביי זיך מענטשן: פאַרוואָס טויגן ניט ראַשען־סטייל קאָמוניסטן? איר פאַרשטייט שוין ווי די ראַשען צוקערקעס פאַרפירן מענטשן צו מאַכן רעוואָלוציעס.

וואָס זאָגט איר? דוראַק! דוראַק! ווייסט איר, מיין פריינט, אַז דאָס וואָלט ניט געזאָגט קיין דייטש, קיין איטאַליענער, קיין

יאפאנעזער, אבער א רוס וועט מיר זאגן — דוראק! . . .

אבער זאלן די רוסן, די באלשעוויקעס, לייקענען, אז זיי פאר־פשרייטן ניט זייערע רוסישע בעדער איבעראל — פארן צוועק פון פראפאגאנדע — ראשען־בעד. און אין באד זיינען מענטשן אפגע־הארציג: מ'גיט זיי א פלייצע, א קיצל אונטערן פאכווע און דער קארבן ליגט שוין אין די הענט פון א רוסישן — פארטשיק. אין סטים־רום קריגט מען פון אים אלץ ארויס . . . דער סאף איז — ער מוז ווערן א רויטער.

ווי זאגט איר, סוואלאטש? איך קען שווערן, אז דאס איז ניט קיין ענגליש ווארט. מיר קען מען ניט אפנארן!

דאס זיינען די רוסן מיט די אידן איצט געווארן אזעלכע לייבלעכע ברידער, און די אידן מיט די רוסן מאכן רעוואלוציעס . . . לייענט די זיקניי־ציען פראטאקאלן, און עס וועט פאר אייך קלאר ווערן, ווי ס'איז קלאר פאר מיר. איר זעט דאך ווי איך קאן די אי־דישע בייבל, און וואס קאן איך ניט? יא, דאס זאגט אן די אידישע בייבל זייערע ראבאנים, רעהגער, צו האלטן אלע שאבעס א דראשע און אין דראשע האט איר ווידער א וואונק: דא־ראשע — ראשע, אידן און קאמוניסטן.

זעט קלאר, ווי די יעווסעקעס ארבעטן האנט־אין־האנט מיט ראשע. פייסעך — געפינט איר „ר א ש ע“ אין דער האגאדע; שאוואועס — לייענט מען ביי זיי „רוס“; יאמקיפער — שלאגט מען קאפאר־רוס, און ראש־האשאנע נעמט זיך פון „ראשע א שיינע“, און אפילע אין יע־רום־עלים האט שוין דער רום — א פוס . . .

נו, און וואס הערט זיך מיט ראשע־יעשיוועס, ראשע כוידעש, ראשע האקאאל און ראשע אין כומעש, וואס רופט זיך פארשטעלט ראשע? מיט איין ווארט: רוס־ראשע, ראשע־רום.

איך זאג אייך, וואלט דייטשלאנד ניט פארנומען פאריז, וואלט דאס שוין איצט געהייסן ביי זיי פא־רום. און שא — עפעס ר ו ז ו ו ע ל ט — קלינגט אויך ווי רוס־וועלט; זאגט ניין?

וואס? וואס זאגט איר? אידיאט! דאס הער איך אלע מאל פון די אידן און די רויטע. דאס וועט מיר אבער ניט ארונטער־פירן פון מיין „טעמע“.

מיין טעמע איז „די רויטע געפאר“, און ס'איז זייער מעגלעך, אז אן אונטערזוכונג זאל פארקומען, צי האט מיין שכיינע ניט געהאט

דעם רויטן צווילינג אונטער דער ווירקונג פון די רוסן, די באָלשע־וויקעס, זיי קענען האָבן אַ האַנט איבעראַל... און ווען זי, די פרוי, איז געגאַנגען צו־קינד, האָט זי טאַקע געשריען: „ראָשע, וואָס האָסטו געוואָלט פון מיר! . . .

אַזוי אויך די רויטע באַק, וואָס איך האָב געקראָגן אַנומלטן פון מיין שאָכן האָט צו טאָן מיט די רוסן — מיין שאָכן קומט פון רוסלאַנד און די רוסישע האַנט האָט זיך געפּילט אין דעם . . .

געדענקט, ווען איך שרייבט אַ בריוו, פאַרענדיגט ניט מיטן וואָרט — מיט גערוס, וואָס האָס איז אַ וואונק — גיי־ייִד־רוס. ווייטער גיי רוס און ווידער גיי רוס. שרייבט ווי איך, קיין — — געערר — רוס . . . ווייל רוס און איד, ראָשע און באָלשעוויק זיינען ווי איין האַנט, אַ סימען האָט איר, וואָס אַזאַ גרויסער מאַן, ווי ער הייסט דאָרט, האָט געזאָגט: „זשיד, דאַוואַי ראַשע!". איר פאַרשטייט, ראָשע ליגט אין אידישע הענט . . . קאַרל מאַרקס — אַ איד מיט אַ באָרד; ענגעלס — אַ איד מיט אַ באָרד; לענין — אַ איד מיט אַ באָרד; און סטאַלין — אַ איד מיט אידישע וואָנצעס . . .

# די געלע לאַטע

(מאנאלאג פון א פליכטלינג)

מענטש! מענטש! מענטש! ניין, ניט שוין־זשע זיינען טויב געווארן אלע אויערן אין דער וועלט? האט זיך אויסגעלאשן דאס ליכט אין אלעמענס אויגן? זיינען שוין פארשטיינערט געווארן אלע־מענס הערצער?

מענטש! מענטש! דערהערן! דערהערן! עס רעדט צו דיר איסראעל, איסראעל דער איד, מיט דער געלער לאטע, וואס ווערט געשטיקט אין רומעניע, געפייניקט אין עסטרייך, פארפאלגט אין אונגארן, געדריקט געווען אין פוילן און איצט פארפאלגט אין איטאליע, ניט אריינגעלאזט אין יאפאן, און געיאגט פון דייטשלאנד.

מענטש פון דער וועלט, דאס בין איך, איסראעל, דאס איז מיין ווייב סארע, דאס איז איסראעל, מיין גרויסער זון, דאס איז איסראעל, מיין איינגערער זון.

דאס איז מיין טאכטער סארע, דאס איז סארע — מיין שנור, און דאס איז מיין אייניקל איסראעל.

מענטש! מענטש! שמע איסראעל! דאס בין איך דער איד, וועמען דער נאצי־מאנסטער האט בארויבט, ניט נאר פון האב־און־גוטס, נאר אפילע מיין זידל־נאמען „יודע" שוין אויך בארויבט. איין נאמען פארן מאן: איסראעל; איין נאמען פאר דער פרוי — סארע; איין נאמען — איין העמד . . .

ווי דער לעגענדארישער יונע, וועלכער איז געווארפן געווארן אין יאם, קעדיי גרינגער צו מאכן די זינקענדיקע שיף, אזוי ווער איך „איסראעל" געווארפן דורך די וואנזיניגע קאפיטאנען צום אפגרונט...

וויפיל איסראעל׳ס און סארע׳ס זיינען שוין פארשלונגען געווארן דורך די מאנסטערס אין די קאנצענטראציע־לאגערן; עס שרייט דאס בלוט פון קארטאז־בערעזע, פון דאכאו, פון דראנסי.

דא וויל מען זיי ניט האבן, און דא לאזט מען זיי ניט ארויס; פון איין פלאץ טרייבט מען ארויס; אין צווייטן לאזט מען ניט אריין.

מענטש! מענטש! זע ווי טויזנטער פראפעסאר מאמלעק׳ס— מיט געלע לאטעס — ווערן געטריבן איבער די גאסן, ווי א טשערעדע שאף, נאר ניט מיט דער ליבשאפט ווי צו שאף; עס טרייבט זיי די ווילדע בייטשלאנד: ארויס איסראעל! ארויס סארע!

מענטש! מענטש! זע, וויפיל איסראעלס מיט סארעס שווימען מיט די געשוואלענע בייכער אפן בוזים פון יאם — קארבאנעס פון

„פאטריא“, „שטרומא“.

מענטש! מענטש! זע ווי א קליין איסראַעלעקל לאָזט זיך אין וועג אריין. צו זיבן יאָר — שוין א פליכטלינג געוואָרן. דעם טאַטן האָבן די נאַצים פאַרפייניגט; די מאַמע איז פון זינען אראָפּ. די ברי־דער און שוועסטער פון דעם בייזן ווינט צעטראָגן געוואָרן. דער קלייניניקער איסראַעלעקל — שוין מיט א זעקעלע אויף די פּלייצעס, מיט א געלער לאַטע אויף דער האַנט: — העלפט! העלפט!

מענטש פון דייטשלאַנד, מענטש פון איטאַליע, יאַפּאַן, מענטש פון יעדער פאַרשקלאַפט לאַנד, זעט דעם ביישפּיל אויף א זעקסטל פון דעם ערד־קוגל — סאָוועטנלאַנד.

מ'מעסט ניט דאָרט די אידישע נאָז און די אידישע באָרד. דאָס איז דאָך א טייל פון יעדן מענטשלעכן פּאָנים. זעט, ווי דער איד איז דאָרט א טייל פון אַלע פעלקער! קוקט אויף בירא־בידזשאַן, טאַש־קענט.

ניטאָ דאָרט קיין באַזונדער נאָמען פאַרן אידן, ווי ס'איז ניטאָ דאָרטן קיין באַזונדערע געטאָס, ניט קיין „זשיד“, און ניט קיין „דזשו“, ניטאָ קיין „יודע“ און קיין „איסראַעל“, נאָר מענטש, און מענטש, ברודער און שוועסטער, כאַווער און כאַווער.

מענטש! קוק ווי די געלע לאַטע פאַרשוואַרצט דיין פּאָנים.

איך האָב ניט קיין אורזאַך צו ליגן פאַר דיר, וועלט, אויף די קני. איך האָב ניט קיין אורזאַך צו קלאַפּן זיך אַל־כעט. איך האָב ניט קיין אורזאַך פאַרוואָס דיר צו זינגען מאַ־יאָפעס געזאַנגען.

מיט מיין אידישער נאָז און באָרד און מיט דעם סוינעס געלע לאַטע און וואַנדער־שטעקן, וועל איך גיין און קלאַפּן אין די טויערן פון דער וועלט: אַמעריקע, ענגלאַנד, כינע און סאָוועטנלאַנד, באַצאָלט מיין סוינע — דעם סוינע פון מענטשן.

— שמאַ איסראַעל! הער צו מענטש! די וועלט מוז זיין גלייך! די וועלט מוז זיין פריי! שוואַרץ און ווייס, קריסט און איד!

מענטש! מענטש! — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די געלע לאַטע איז דער סימבאָל פון א צעלעכערטער, צעריסענער און פון דער היטלער־מאָל צעפרעסענער וועלט . . . דער וואַנדער־שטעקן איז דער סימבאָל פון א קרומער וועלט, א וועלט וואָס הינקט...

מאַכט גאַנץ די וועלט! מאַכט גלייך די וועלט! שמאַ איסראַעל!

# מיין בלוט פאַר די קעמפער

(מאנאלאג)

— יא, איך בין געקומען געבן מיין בלוט פאר די פארוואונדעטע קעמפער אפן שלאכטפעלד, פאר די קעמפער, וואס גיבן זייער בלוט צו ראטעווען די וועלט. איך וויל מאכן א „דעפאזיט" אין דער „בלוט־באנק", די באנק וואס צאלט דעם גרעסטן פראצענט — לעבן און פרייהייט . . .

— מיין זון איז אפן שלאכטפעלד, מיין פרוי — שטריקט סוועטערס פאר דער ארמיי; מיין טאכטער — א רעד־קראס נוירס, און איך — איך האב אייך געבראכט מיין ארעם, מיין הארץ מיט אלע מיינע אדערן, נעמט מיין בלוט, איך גיב אייך דאס מיט ליבע, צאפט מיין בלוט פארן געזונט פון א קעמפער, פארן געזונט פון דער וועלט.

— איר הערט, דאקטאר? ווען איך בין נאך א קינד געווען, סאר־האקל, אכט יאר אלט, איז געווען א פאגראם אין אונזער שטעטל. מיין טאטן האט מען דערמארדעט, און ביז היינט, שטייט פאר מיינע אויגן דאס בילד פון מיין טויטן טאטן, ווי ער ליגט אויף דער ערד און לעבן אים זיין אויסגעריסענע באָרד מיט דער הויט. מיך האבן די פאגראמשטשיקעס דערלאנגט מיט אן אייזן איבער דער האנט, טאקע איבער דער האנט. דאס בלוט האט זיך געגאסן, איך בין געפאלן אין מיין אייגן בלוט און געבליבן ליגן ביז מ'האט מיר געראטעוועט.

ווען איך בין עלטער געווארן און גענומען קעמפן געגן דעם צאר מיט זיינע פאראנדקעס, געגן די פאגראמען און ראסן־העצעס, האבן זיינע ווילדע זשאנדארן זיך ווידער גענומען צו מיין בלוט, מ'האט מיך צעקיילט און צעביילט. מיין בלוט האט זיך ווידער ווי וואסער גע־גאסן.

אלע מיינע יארן האבן פיאווקעס, פאראזיטן געזויגן מיין בלוט.

ווען איך האב געקעמפט פאר א שטיקל מער ברויט, האט גע־קאסט בלוט; פאר א שא ווייניגער ארבעט — האט געקאסט בלוט.

דאס שמאכטן אין די פריזאנס פון אזעלכע פרייהייטס־קעמפער, ווי דער ליבער דעבס, האט מיר געקאסט בלוט. עס האט געבלוטיגט מיין הארץ פאר סאקא און וואנזעטי, פאר די מעקנאמאראס, פאר מוני און בילינגס, פאר די עלא מעי וויגנס, סטיוו קאטאוועס; וויפיל

בלוט מיינע צאפט זיך, טראכטנדיג ווי די סאנים זוכן צו פארלעשן דעם לייכט־טורם פון דער שיינער וועלט, אין קאמף נעגן פאשיזם — אוירל בראודער.

און אזוי טריפט, טריפט דאס בלוט פון די אדערן אין דעם ליידן און מיטפילן מיט די קעמפער, וועלכע צאלן מיט זייערע בעסטע יארן אין די פריזאנס, אין קאמף פאר א בעסערער וועלט.

— נאט אייך, דאקטאר, מיין האנט, נעמט מיין בלוט, נעמט א פולע מאס, איך גיב אייך דאס מיט הארץ, פאר דעם געזונט פון מיין לאנד, פאר דעם געזונט פון דער וועלט.

איך בין א איד און א קאמוניסט, און דערפאר — ווען איך גיב עפעס, איז דאס אויפריכטיג.

אלס איד, בין איך פון די ליידנדיגע און אונטערדריקטע פעלקער. איך שעץ — און ווייס ווי צו שעצן — די האנט פון דער פרייהייט־סטאטוע, וועלכע האט מיר געעפנט דעם טויער און באלויכטן מיין וועג צו באזעצן זיך און פילן זיך ווי אין דער היים.

אלס קאמוניסט, בין איך מיט די ליידנדיגע, אין זייער קאמף — און אזוי לאנג ווי איינער פון די אונטערדריקטע קריגט א שטאך — דערזע איך פון מיינע אדערן דאס בלוט . . .

— נעמט נאך, דאקטאר, פון מיין בלוט. אין יעדן רויטן טראפן זע איך א שטראל פון אן אויפגייענדיגער זון. דאס וועט ברענגען לעבן צו נאך א מענטשן, וואס שטעלט איין זיין לעבן פאר מיר, פאר אייך, פאר אלע וואס שטרעבן צו האבן א שיינע וועלט.

— זיי געזונט, בלוט מיינע! זאל דיר מאצליעך זיין דער וועג. דו ווערסט א „וואנדערער" ווי איך אמאל. בירגער זיך אויך איין אין דיין נייעם „לאנד", אין דעם נייעם קעמפער, וואו דו וועסט אנ־קומען. זע צו דינען אזוי אויפריכטיג ווי איך טו דאס — פאר מיין פאלק, פאר מיין לאנד, פאר דעם זיג פון דער מענטשהייט.

— גיב איבער מיין גרוס אין דער נייער „היים", וואו דו וועסט אנקומען — צי ביי איד, צי ביי קריסט; א שווארצער, צי א געלער. זאג אים, אז פאר מיר, איד און קאמוניסט, זיינען אלע מענטשן גלייך.
— ווי דאס בלוט פון אלע מענטשן איז רויט!

— זאג צו מיין נייעם לייבלעכן ברודער, ער זאל פארזעצן דעם קאמף, דעם קאמף נעגן די בלוט־זויגערס, פיאווקעס און פאראזיטן.
—דערציייל אים, מאך אים צו פילן, פארוואס עס קאכט דיר אויף

דאָס בלוט געגן אַלע נידערטרעכטיקייטן, געגן אַלע געמיינהייטן, וואָס שלעכטע מענטשן דערלויבן זיך צו טאָן. זאָג אים, אַז דאָס איז שוין אין דיין בלוט ניט צו פאַרשווייגן, ניט צו רוען, ווען שלעכטס ווערט געטאָן צו מענטשן.

— זיי געזונט, מיין אייגן בלוט, און אויב דו וועסט טרעפן ערגעץ אין אַ שפּיטאָל מיין זון, גריס אים, און זאָג אים, אַז זיין אַלטער טאַטע האָט שוין צוויי מאָל געגעבן זיין בלוט פאַר דער אַרמיי . . .

און די נייע בלוטן, וואָס וועלן מיר צוקומען, וועלן ווידער קאָכן, זידן און מאָנען: אָפּגעווישט זאָלן ווערן די אָנפאַלער אויף סאָוועטן־לאַנד, אָפּגעמעקט זאָלן ווערן די אָנפאַלער אויף פּוירל האַרבאָר, אויסגעראָטן זאָל ווערן די נאַצי־שלאַנג, וואָס בייסט און פאַרגיפטעט די וועלט.

— גיי, מיין בלוט, שטראָם אין די אָדערן פון אַ קעמפער, עפן זיינע אויגן, זאָל ער ווידער זען זיין טאַטן, מאַמען, זיין געליבטע. זאָל ער ווידער זען דאָס אויפגיין פון דער זון, זאָל ער ווידער שמייכלען, לאַכן. ווידער זען גרינע פעלדער, ביימער, בלומען — לעבן, לעבן.

— דאָקטאָר, איך האָב גאָרניט געפילט קיין געבורטס־ווייען, און דאָך זע איך אין דעם בלוט אַ נייעם מענטשן, אַ מענטש וואָס איז לעבעדיג געוואָרן, פון דאָס ניי געבאָרן . . . מאַזל־טאָוו דיר מענטש — מיט מאַזל זאָלסטו לעבן! . . .

# יעס־סער, יעס־סער!

(מאנאלאג פון א נעגער)

יעס־סער, איך בין א נעגער, נאר דו, ווייסער שאָוויניסט, רופסט מיך, — ניגער. דו ווילסט פארשווארצן מיין רויט בלוט און פאר־רויטיגן די ווייסלען פון מיינע אויגן . . .

דו, ווייסער באָס, האָסט מיר פארזעצט ביי די ברעגן פון שטאָט, ביי די רעלסן פון די באנען, אין די געטא־ווינקלען. דאָס, וואָס היטלער טוט צום אידן — טוסטו, ווייסער שאָוויניסט, צו מיר. דו לאָזט מיר ניט לערנען און שרייסט, אז איך בין ניט געלערנט; דו לאָזט מיר זיך ניט באָדן און שרייסט: שמוציגער ניגער; דו באַראַ־בעוועסט מיך, דו נאַרסט מיך אָפּ אין וואָג, אין מאָס, אין געלט, און איך — איך בין ביי דיר דער ליגנער, איך בין דער גאנעוו, און דו? יעס־סער, מיין אויסדערוויילטער ווייסער האר.

מיין נעגער־פאָלק רופסטו פוילע ניגערס, נאָר איך צעאַקער דיין לאַנד, פלאַנץ דיין גאָרטן, ריים פאר דיר די פּרוכט, קלייב פאר דיר די קאָטן, רייניג דיינע שטאַלן, פּאַשע דיינע שאָף, זעג דיינע האָלץ, פיר דיינע פראַכט, וואַש דיינע באַנען, קאָך דיינע מאָלצייטן, סערוויר דיר דאָס עסן, בעט אויס דיין פּולמאַן־בעט, פּוץ אַרום דיינע שיך, נאָר וויל זיך נעגער זעצן אָפּרוען — „פאָר ווהייט אָנלי" — דאָ איז פאר ווייסע בלויז! אין דיין געטא־ווינקל אַריין, דו ניגער!

יעס־סער, מיין נעגער־שוועסטער פּוצט דיין טיר און פענצטער, וואַשט דיינע וועש, ניאַנטשעט דיין קינד, קאָכט דיין עסן, און ווען עס גלוסט זיך דיר פרויען־פלייש, נוצסטו מיין שוועסטער — פאר דיין מעטרעסע; נאָר עסן ביי איין טיש? דו מיט א נעגער־פרוי, ניין!

יעס־סער, האָסט ליב נעגער געזאַנג, האָסט האַנאָע פון נעגערישע פאָרוויילונג, זיין דזשיגן, זיין טאַנצן, זיין שפּילן, נאָר — אויף דער בינע. וויל נעגער גיין אין טעאַטער, אין קאַבאַרעטן, אין רעסטאָ־ראַנען: ניין! — ס'איז פאר די אויסדערוויילטע — „פאָר ווהייט אָנלי!" גיי, ניגער, צו דיין געטא־באַנק! גיי אין דיין שמוציק געסל, וועלכע איז איינגעוויקלט אין שטויב, גיי צו דיינע פיר פּוסטע פאר־שימלטע ווענט. אַרויס דו ניגער!

יעס־סער, דו ווייסער דזשענטלמאַן, מיין שוואַרצע ראַסע, פאר־שוואַרצט דיר, נעבעך, דיין פּנים: די „ניגערן" מעריאַן ענדערסאָן,

איז פון די בעסטע זינגערינס, און דער „ניגער“ פּאָול ראָבסאָן — פון די גרעסטע זינגער, און דער שוואַרצער דזשאָו לואיס — דער בעסטער פּריז־פייטער, און דער „קאָלערד“ ריטשאַרד ראַיט, איינער פון די גרעסטע שרייבער, און נאָך טויזנטער וויסנשאַפטליך, פּראָפעסאָרן, קינסטלער, שרייבער און דענקער.

און מיינע שוואַרצע ברידער זיינען גוטע פּאַטריאָטן, גוטע סאָל־דאַטן, בראַווע קעמפער. זע ווי אַ מוסטער דער „דאַרקי“ האַריע מילער. זיי פאַלן אין די שלאַכטן, ק ע מ פ נ ד י ק צוזאַמען מיט די ווייסע. דאָס רויטע בלוט אויפן שלאַכטפעלד גיסט זיך צו־זאַמען; דאָס בלוט ווייסט ניט פון ווייס און שוואַרץ. נאָר קומט צום לעבן — איז אין באַזונדערע באַראַקן, עסן ביי באַזונדערע טישן, פאָרן אין באַזונדערע באַנען, און דאָס בלוט צו ראַטעווען אַ פאַרוואונדעטן, קריגן די ווייסע פון באַזונדערע גלעזער.

יעס־סער, דו ווייסער שאָוויניסט, דו ביזט אַ קליין היטלערל פאַר זיך, דו היטלערל, קאָנסט דאָך ניט קעמפן געגן די צינדער פון ראַסן־האַס, געגן די פאַרשקלאַפער פון דער וועלט.

מיין בלוט איז רויט, אויך מיין מאַמע האָט געליטן געבורט־ווייען ביי מיין געבורט, מיינע ציין האָבן אויך נערוון, מיין מאָרך — צעלן און מיין האַרץ — געפיל. ווען דו פאַרשעמסט מיך ווער איך ניט רויט; ווען דו שרעקסט מיך מיט שטריק און לינטשן — ווער איך ניט ווייס... ווייל מיין הויט איז—שוואַרץ, אָבער מיין בלוט זידט, זידט. דאָס אויג זעט אין דיר אַ סוינע, ניט נאָר פון מיר, נאָר פון דער גאַנצער מענטשהייט. דו ביזט אַ לינטשער, אַ לינטשער!

מיין הויט איז שוואַרץ, פאַרברענט פון דער זון. דיין האַרץ איז שוואַרץ — פון שטענדיגן פייער וואָס דו צעלייגסט פאַר ראַסן־האַס, פאַר אונטערדריקונג און עקספּלואַטאַציע.

דו לאָזט מיך ניט האָבן קיין פרייהייט, ווייל דו ווילסט מיר האַלטן פאַר אַ שקלאַף; דו לאָזט מיך ניט שטימען, ווייל דו ווילסט אַליין אַלץ באַשטימען; דו האַלטסט מיין קערפער אין טשעין־געננג, קעדיי מיין גייסט צו האַלטן געדריקט, מיין מויל ווילסטו האַלטן גע־שלאָסן, ווייל בלויז איין וואָרט האָסטו ליב צו הערן: יעס־סער!

נאָ־סער, עס קאָן ניט זיין קיין פרייהייט, וואו ס'איז ניטאָ קיין גלייכהייט, און צו האָבן פרייהייט און גלייכהייט — מוז זיין גע־רעכטיקייט! יעס־סער: גערעכטיקייט! יעס־סער, יעס־סער!

# פאַר מיין לאַנד!

(קינדער־מאָנאָלאָג)

פון היינט און ווייטער וועל איך טרינקען מילך און עסן אַלע זאַכן, אַפילע ספּינאַטש . . . איך וויל גיכער וואַקסן, איך וויל אויסוואַקסן גרויס — אַט אַזוי־אָ! און איך וויל טאַקע זיין שטאַרק, אַזוי שטאַרק — אַז איך זאָל קאָנען העלפן אַלע שוואַכע . . .

ווען איך וואָלט געווען שטאַרק, וואָלט איך גענומען אַ ביקס אין האַנט און וואָלט צוזאַמענגענומען אַלע אינגלעך פון מיין קלאַס. מיר וואָלטן געקומען צו היטלער'ן און אים אַזוי געזאָגט: — הער, דו שלעכטער מענטש. אַ, אַנטשולדיקט מיר מענטשן, איך מיין, איך וואָלט אים געזאָגט: הער צו דו שלעכטער הונט! אַ, אַנטשולדיקט מיר, הינט. איך וואָלט אים געזאָגט: הער, דו היטלער! דו האָסט אויסגעקוילעט טויזנטער און טויזנטער קינדערלעך, זייערע מאַמעס און טאַטעס; דו ביזט ערגער פון אַ שפּין, דו ביזט ערגער פון אַ שלאַנג, דו ביזט ערגער פון אַ שאַרק, — דו ביזט אַ מאָנסטער, דו ביזט אַ־אַ־אַ אַ היטלער!

דערנאָך, וואָלטן מיר אַלע שטאַרקע אינגלעך, אָנגעטאָן היט־לער'ן אַ צוים אויפן מויל, אַ קייטעלע אויפן האַלז און אַ שטריקעלע אויף די הענט. מיר וואָלטן אים געבראַכט אין די קינדער־גאַרטנס און וואָלטן צוזאַמענגערופן אַלע קינדערלעך און זיי געוויזן, אַז ער איז געצוימט. שרעקט זיך ניט, קינדערלעך, וואָלטן מיר געזאָגט: די ווילדע באַשעפעניש וועט אייך מער ניט בייסן, נאָר ווייזן קונצן פאַר אייך.

נאָך די קונצן וואָלטן מיר געזאָגט: היטלער, זינג אַ אידיש לי־דעלע, און איך וואָלט אָנגעשריבן פאַר אים אַזאַ לידעלע צום זינגען:

## האָמאָן־היטלער

געווען אַמאָל אַ האָמאָן
מיט אַ פּוסטן קעפּל,
האָט זיין ווייבל [redacted]
אים אָנגעטאָן אַ טעפּל . . .
און פאַרשפּריט געוואָרן

## סעם ליפּצין

גלייך איז אַ יעדיע:
מאָרדכע אַפן פערדל —
און האָמאַן אויף דער טליען!

איז געווען אַ צאַרעלע,
זיין נאָמען — ניקאָלייקע;
אידן פּלעגט ער פּייניגן
מיט אַזאַ נאַהייקע.
איז אַ סאָף געקומען —
מ'האָט אויפגעהערט זיך בוקן.
ניטאָ קיין צאַרע — צאַרעלע,
ניטאָ וואָס אַנצוקוקן.

געווען אַמאָל אַ היטלערקע —
אַ האָמאַן־ניקאָלאַיקע.
מיט שווערדן און מיט ביקסן
מיט זיין נאַצי־שייקע.
ט'ער געוואָלט דעם ערד־קויל
איינגאַנצן נאָר פאַרשלינגען;
איצט פאַר אַ שטיקל קוגעלע,
אידיש וועט ער זינגען.

נו, יאָ, אַ לידעלע האָב איך שוין; אַ שטראָף אויך! אָבער קויעד מיט אַ ציימעלע פאַר אים — דאָס האָב איך נאָך ניט.

איך האָב געוואָלט העלפן דער באָבען שטריקן די סוועטערס פאַר דער אַרמיי, צעשרייט זי זיך אויף מיר: גיי, גיי, דו האָסט מיר דעם קנויל מיט דער וואָל אַזוי פאַרפּלאָנטערט, אַז זאָל נאָר היטלער'ן דער צונג אַזוי פאַרפּלאָנטערט ווערן.

האָב איך געוואָלט העלפן מאַכן גרויסע, שטאַרקע עראָפּלאַנען. זיי זאָלן פליען ווי די אָדלער הויך, הויך, האָב איך צוזאַמענגענומען אַלע טעפּלעך, פענדלעך און טשייניקעס פון הויז — און אוועקגע־טראָגן פאַר דער פאַרטיידיגונג. קומט איין אַוונט די מאַמע פון דער אַרבעט און וויל צושטעלן עפּעס צו קאָכן, זוכט זי אַ טעפּל — ניטאָ; זוכט זי אַ פענדל — ניטאָ; אַ סקאָווערדע — ניטאָ. איידער די

# ק ר י ג   א ו ן   ז י ג

עראפּלאַנען זײַנען פֿאַרטיק געוואָרן — האָב איך שוין אַלײן געמוזט אָנפֿירן אַ פֿאַרטיידיקונג . . .

נאָר מײַן מאַמע איז אַ גוטע: איך בין אָפּגעקומען מיט דעם, וואָס זי האָט געזאָגט צום טאַטן: שלעכט געטאָן, נאָר דער צוועק איז אַ גוטער . . .

ווען איך וואָלט געווען כאַטש אַזוי הויך, אַזוי־אַ, וואָלט איך זיך געלערנט אָנצופֿירן מיט אַן עראָפּלאַן. איך האָב ליב אַן עראָפּלאַן. ער מאַכט דאָך אַזוי שײן: זשו־זשו — זשו־זשו, הײבט זיך אויף הויך, הויך, אָט־אַזוי־אַ, און לאָזט זיך אַראָפּ — אָט־אַזוי־אַ. מיר האָט זיך אַנומעלט געכאָלעמט, אַז איך בין שוין אַ גרויסער און פֿלי מיט אַן עראָפּלאַן און פֿיל, אַז אָט וואַרף איך אַראָפּ אַ באָמבע אויף היטלער׳ן. מיט אַ מאָל גיט מיר מײַן ברודער אַ פּאַטש — — וואָס שלאָגסטו מיר? שרײַט ער. איך טשוכע זיך אויס, זע איך: איך האָב אים אונטערגעהאַקט אַ בלויע אויג . . .

איך מוז אָבער העלפֿן געווינען די מילכאָמע, איך און אַלע קינדערלעך מוזן, אויב מיר ווילן אויפֿוואַקסן גרויסע מענטשן און — טאַקע קאָנען זײַן מענטשן!

שאַ! גוט, גוט, גוט. אָט די בלעכענע קענדלעך וועל איך העלפֿן צו צעברעכן, צעדריקן זיי, פֿון דעם בלעך וועט מען מאַכן שיפֿן, טאַנקן, עראָפּלאַנען. אָט־אַזוי — אָט־אַזוי!

אוי, בלוט, בלוט! כאַ־כאַ־כאַ. — אײַ גוט, גוט! ניט קײן אַך, און ניט קײן וויי — אָט איז בלוט פֿאַר דער אַרמיי!

# ט׳אַזאַ מענטש בין איך

(מאנאלאג פון א נודניק)

ווי איר קוקט מיך אַן, האָב איך פיינט צו הערן נודניקעס, די וואָס שטעלן זיך אוועק אַרום אַ טעלעגראַף־סלופּ און דרייען אַ קאַפּאָטער. איך זאָג, אויב שוין נודיען, וויל איך בעסער יענעם — ווי זיך לאָזן פאַר אַ קרבן, אַז יענער זאָל מיר נודיען: ט׳אַזאַ מענטש בין איך!

אנומעלטן, כאַפּט מיר אַזוי אַן, טאַקע ביים טעלעגראַף־סלופּ, דער יאַנקעלע פּיליבוסטער, און נעמט מיר אויסלייגן פּלענער פאַר דער מאָרגנדיגער וועלט. ער כאַפּט דערביי אַרויס אַ מאַפּע און ווייזט ווי אַזוי מ׳קאָן מאַכן אַ פּאַרט אויף קאַנאַל סטריט און איסט בראָד־וויי.

איך כאַפּ אַ קוק, ערשט איך דערזע, אַז די מאַפּע איז נאָך פון פאַר קאָלאָמבוסן.

נו, אַז מ׳האָט זיך גענודיעט מיט מאַפּעס, כאַפּט שוין אויך אַרויס פּיניע פּאַרעוועה, דער פּעסימיסט, וואָס טראָגט אַלע מאָל צוויי פאַר הויזן אין אַ פּאַס מיט שלייקעס — אויך זיין מאַפּע.

— גיט אַ קוק, — ווייזט ער אַן מיט דעם טוטפּיק, וואָס ער נעמט אַרויס פון צווישן די ציינער, — זעט נאָר, ס׳איז שוין אַזוי אוועק כאַראַשים ווי מ׳שלאָגט זיך און פרעגט פאַרוואָס: די גאַנצע געשיכטע נעמט זיך פון דעם, וואָס מ׳שלאָגט זיך איבער אַן אינטש טעריטאָריע, ווי עס ווייזט מיין מאַפּע. פרעג איך אייך: לוינט זיך איבער אַזאַ ברעקל טעריטאָריע צו ספּענדן אַזויפיל געלט מיט מענ־טשען?

ווער איך טאַקע גוט אין כאַס און טראַכט, ווי גערעכט איך בין, וואָס איך לאָז זיך ניט נודיען, לויף איך מיר אַרויף אין הויז, כאַפּ אַראָפּ פונם וואַנט אַ גרויסע מאַפּע, קלאַפּ איך צו צום טעלעגראַף־סלופּ און נעם מיר מיין פּיניע פּאַרעוועער אָפּן העצקע. קום אַהער, זאָג איך, און זע, אַז דיין מאַפּע האָט מיר אַ פּאָנים, ווי דו אַליין — אַן עפּעס מיט אַ גאָרניט . . .

— זע, טייטל איך אים מיטן בלייפעדער איבער דער מאַפּע, — ביי דיר, אויף דיין מאַפּע, שלאָגט מען זיך פאַר אַן אינטש מיט עפּעס,

און אויף מיין מאַפּע, זעט דאָס שוין אויס אינגאַנצן אַביסל אַנדערש. בײַ מיר שלאָגט מען זיך שוין גראָדע פאַר זעקס אינטשעס . . . און אַז איך האָב אים „צוגענאָגלט", ווי די מאַפּע צום סלופּ, איז ער געבליבן שטיין ווי אַ שטייאיגער וואַסער . . . איך האָב מיר אַ נעם געטאָן מיין נאָז און אַוועק. ט'אָזאַ מענטש בין איך!

איך האָב פיינט אַז מ'נודיעט מיך.

אַט שטייען מענטשן שאַען לאַנג און מ'נודיעט זיך און יענעם; וואָס איז? ס'איז מילכאָמע און מ'וועט דאַרפן שטיין אין ליין נאָך צוקער. טאַינע איך צו זיי: בעהיימעס, וואָס זאָרגט איך זיך? פון צוקער וועט מען ניט מאַכן קיין סאַבמאַרינס, קיין קריג־שיפן, און פון צוקער וועט ניט מאַכן קיין באַריקאַדן, און אַפילו ניט קיין קוילן. דאָס איינציגע וואָס מ'וועט מאַכן פון צוקער — איז פּראָפּיט, נו, און פּראָפּיט ווילן די דאָלער־פּאַטריאָטן מאַכן פון אַלץ, און קיין צוקער וועט ניט פעלן, ס'וועט אייך זיין, זאָג איך, נאָך געגוג זיס און ביטער — איך עס מיר פון אַזעלכענע זאַכן ניט אָפּ מיין האַרץ — ט'אָזאַ מענטש בין איך!

אַט שטעלט זיך אַוועק אַשער דער שמירער, אַזוי אויך ניט קיין קליינער נודניק, און וויל וויסן, און טאַקע אַלץ וועגן צוקער. ער האָט, זאָגט ער, זיך אַנגעגרייט מיט אַביסל צוקער, און זיין ווייב האָט אויך דייעביטיס, — די צוקער־קרענק, — צי דאַרף ער דאָס אַלץ רעגיסטרירן, צי ניט?

ווער איך אַזוי אין קאָס און זאָג אים גאַנץ אָפן: וואָס מישט איר מיט אייער צונג. אין די פּייפּערס האָט מען געבעטן מ'זאָל גוט אויסמישן די טיי און קאַפע, ווייל ס'איז אַ מאַנגל אין צוקער, אָבער וואָס מישט איר מיטן צונג? אין נודניקעס, זאָג איך, איז ניטאָ קיין מאַנגל, ט'אָזאַ מענטש בין איך!

איך האָב פיינט זיך זעצן און וויינען אויף אַלץ. אַט נודיען מיר מיינע קינדער: פּאַפּאַ, זאָגן זיי, לויף גיכער און קויף זיך אַ סוט מיט פיר פּאַר הויזן, ווייל מ'וועט באַלד ניט קאָנען קריגן, און דו קענסט נאָך, כאַלילע, בלייבן פאַרן ווינטער אָן הויזן . . .

לאַך איך פון זיי: זאָלן זיך זאָרגן די סאָנים, די היטלער'ס, ווען זיי וועלן דאַרפן לויפן צוריק, איז זיי נויטיג אָנצוגרייטן זיך מיט עטלעכע פּאָר הויזן . . . פאַר מיר איז גענוג איין פּאָר, ט'אָזאַ מענטש בין איך! איך האָב פיינט איינשלינגען די וועלט.

איר קענט דאָך מיין לאַנדסמאַן מוישע זונדרעלעוויטש. ווי גיך ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט צו האָבן אַ טשעק־בוך, האָט ער פאַר־קירצט זיין נאָמען אויף מוישע זונדל. עס שפּאָרט, זאָגט ער, צייט, פּאַפּיר און טינט, פּונדעסטוועגן ט׳ער אָנגעזאָגט, אַז טאַכריכים זאָל מען אים מאַכן מיט צוויי פּאַר הויזן, און באַגראָבן — אין שיך מיט גומענע פּאַדעשוועס. ס׳איז, זאָגט ער, אַ ווייטער וועג . . . און „אין די לאַנגראַון" באַצאָלט זיך עס . . . און איך וויל זיך גאָרניט פאַרזאָרגן אויף יענער וועלט — ט׳אָזאַ מענטש בין איך!

אין איין זאַך איז ער, אָבער, ניט שפּאָרעוודיג — אין רייד, אין נודיען. דער מענטש קען אייך פאַררעדן אַלץ אין דער וועלט. איך בין דאָס טאַקע אַנומעלטן געגאַנגען מאַנען ביי אים אַן אַלטן כויוו, האָט ער מיט מיר אַזוי לאַנג גערעדט, געטאַינעט, ביז איך בין אַוועק אַז אַ גוטן טאָג און — אַן געלט. נאָר איך וועל אייך זאָגן דעם עמעס, אַז מיר אַרט שוין ניט אַזוי פאַרן געלט, ווי דאָס, וואָס אַזאַ נודניק איז געלונגען מיר צו פאַררעדן די ציין — ט׳אָזאַ מענטש בין איך!

נאָר מיינט ניט, אַז דאָס זיינען בלויז אונזערע מענער אַזעלכע נודניקעס, ס׳איז ניט צו פאַרזינדיגן אויך מיט די פרויען. ס׳זיינען פאַראַן אַ סאָרט פרויען נודניצעס, וואָס זיי גיבן אייך אַפּילע ניט קיין געלעגנהייט צו זאָגן: געוואַלד, הערט אויף צו נודיען, וואָרעם איך כאַלעש! איך האָב שוין געהאַט אַזאַ פאַל. אָנגעפאַנגען האָט זיך דאָס פון אַ קלייניקייט: אַ פרוי פרעגט מיר וויפיל איז דער זייגער? אָבער ענטפערן האָב איך שוין ניט געקאָנט. זי האָט גערעדט און גע־רעדט, ביז — איך האָב געכאַלעשט. מ׳האָט מיר אָפּגעמינטערט, איך עפן די אויגן און די פרוי רעדט נאָך. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב ווידער געכאַלעשט, גלייך נאָכאַמאָל. מיינע נערוון קענען ניט פאַר־נעמען קיין נודנאַטע — ט׳אַזאַ מענטש בין איך!

כוץ דעם, פאַרשטייט איר מיך, איז פאַראַן נודניצעס מיט סייכל און גלאַט נודאַטעס, וואָס רעדן פאַר פייער און פאַר וואַסער.

איך זעץ זיך מיר אַנומעלטן אַוועק אין פּאַרק, לעבן אַ ווייבל, וואָס האָט מיר אויסגעוויזן צו זיין מיינס גלייכן. ס׳איז עמעס, אַז מיר ווערט שוין די צייטן אַ זעכציגער, און זי האָט אויסגעזען אַזוי, לאָמיר זאָגן, אַ פערציג מיט טשענדזש . . . נו, איר דאַרפט דאָך ניט פאַרגעסן ס׳איז איצט מילכאָמע־צייט, און אויל, ראַבער און מענער

זיינען מיט אַלומינום צו גלייך . . . טראַכט איך ביי זיך: אַז אַלמען בין איך און אַזאַ וויבל מוז געווים זיין אַן אַלמאַנע — איז לאָמיר אַנטלויפן דעם קאַשיק. נאָכאַלעמען פאַלט קיין שידעך ניט אַראָפּ פון הימל, און אין אַלגעמיין, האָב איך ליב איינס און צוויי צו רעדן טאַכלעס, — ט׳אַזאַ מענטש בין איך!

נו, לאָמיר אייך לאַנג ניט נודיען: איך האָב מיט איר פאַרפירט אַ שמועס און די פרוי האָט גענומען רעדן:

— אַ לויב, זאָגט זי, צום אויבערשטן פאַר דעם שטיקל מילכאָמע, האָט מיין מאַן אַ דזשאָב . . . און קיין איען־האַרע, ער מאַכט ניט שלעכט, זאָל דאָס נאָר אָנהאַלטן.

זע איך דאָך גלייך, אַז דאָס איז אַ אידענע אַ נודניצע מיט אַ מאַן, מאַך איך שוין אין שפּאַס און זאָג אַזוי צו איר: פאַרוואָס קומט עפּעס אַ דאַנק גאָט פאַר דער מילכאָמע — און ניט היטלער׳ן?

פאַרשטייט זי ניט קיין שפּאַס און זאָגט אַזוי: ווייל גאָט איז דער וואָס לעבט אייביג, און היטלער איז ניט מער ווי אַ מענטש און דאָס אויך ניט. אין איין שיינעם טאָג קאָן נאָך אַזוי איינס און צוויי קומען די נייעס, אַז ער האָט געקראָגן אַ האַרצשלאַג, זאָגט זי, און אויס. נו, דאַן — וועט איר דאַנקען גאָט! זאָג איך, אָבער דערווייל, וואָס אים קומט, קומט, כאַפּט אים אַ קראַמף אין די קישקעס, זאָל מיינס איבערגיין — ט׳אַזאַ מענטש בין איך!

און אַז איך האָב זיך שוין אויפגעהויבן, האָט ערשט די פרוי זיך פאַרמאַסטן צו רעדן, איך בין אָבער אַוועק אַן אַ גוד־באַי. איך האָב פיינט, אַז מ׳זאָל מיר נודיען און נאָך אַ פרוי דערצו. זאָל זי נודיען, טראַכט איך, איר אייגענעם מאַן — ט׳אַזאַ מענטש בין איך!

נעכטן, יאָ, נעכטן, זיץ איך מיר אין רעסטאָראַן, און אַ נודניק שטעלט זיך מיר אַוועק מיט זיין נאָז איבער מיין טעפּל קאַווע, און נעמט באַטלאָנעווען, צי ווייס איך וואָס איז אַזוינס איינשטיינ׳ס טעאָריע? און פונוואַנען ווייס איינשטיין וואָס ס׳טוט זיך אין די הימלען; ער איז דען אַ לופטפּליער?

ווען ער האָט מיר שוין אַזוי גוט אָנגעפּירסקעט אין מיין קאַווע, דריי איך אויס מיין קאָפּ צו אים און זאָג אים גלייך אין פּאָנים אריין: איינשטיינ׳ס טעאָריע, זאָג איך, איז אַזוי: צום ביישפּיל: ווען דו האַלטסט דיין נאָז ביי יענעם אין קאַווע, האָסטו אַ נאָז אין קאַווע,

און דער טעפּל האָט אַ נאָז און קאַווע און איך בלייב מיט אַ נאָז — און קאַווע . . .

טפו זאָל דאָס ווערן, לייגט ער נאָך צו אַ שפּיי אין דער קאַווע, איבער אַזאַ נאַרישקייט דרייט זיך דאָס אַ מענטש אַזוי דעם קאָפּ?

איך האָב אים געלאָזט די קאַווע מיטן ווייטערס טשעק און גלייך אַוועק צו אַן אַנדער טיש — ט'אָזאַ מענטש בין איך!

זעט נאָר, איר האָט היינט געלייענט די צייטונגען? די רעגי־רונג הייסט אַלץ שפּאָרן: בלעכלעך, קעסטלעך, אַלטע ראַזיר־מעסערלעך, אַפּילע — טראָפּנס וואַסער, און קיינעם פאַלט גאָרניט איין צו אַפּע־לירן, אַז מ'זאָל שפּאָרן רייד. איי, וואָלט דאָס גוט געווען אַזאַ גע־זעץ, איך וואָלט אַזאַ געזעץ דער ערשטער געשטיצט, ט'אָזאַ מענטש בין איך!

ווי איך זע שוין, גייט אייך אַן מיינע רייד, ווי עס וואָלט צו אייך גערעדט עפּעס אַן אַנשיקעניש, אַ נודניק. נו, איך האָב פיינט צו מאַטערן מענטשן, ביי מיר, ווי גיך איך זע אַז מ'שלאָפט איין — ספּעציעל נאָך, ווען איבער דער וועלט קראַכן באָמבעס — זאָג איך אַ גוטע נאַכט, ט'אָזאַ מענטש בין איך!

# דער דאָלער־פּאַטריאָט

(מאָנאָלאָג פון אן אלרייטניק)

איך בין א גרויסער פּאטריאָט,
איך הים מיר מיינע צען געבאָט.
איך מאך א דאָלער, כ'מאך א לעבן,
משאריטי — האלט איך — דארף מען געבן,
ווייל איך בין — א גרויסער פּאטריאָט!

אט אזוי ווי איר הערט, האב איך ליב צו זיין א פּאטריאָט. איך האלט פון דעם פּאסיק „פאלאו דהי קראוד" — גיי דארט וואו דו קאנסט מאכן א דאָלער. און אויף אמעריקע, א דאנקען גאָט, האב איך זיך נארניט צו באקלאגן: איך שמיר מיין ברויט אלע מאָל ריכטיג. קיינמאָל, האלעוואי ווייטער, איז ביי מיר ניט געווען מיט דער פּוטער אראָפּ . . .

געוויס האבן מיר אין אמעריקע אַרימעליים. וואס דען? ווי נאָט האט באשאפן די וועלט מיט בערג און מיט טאָלן, אזוי איז אויך מיט מענטשן. אבער דער וואס האט סייכל — דער וואס איז דער ריכטיגער ביזנעסמאן, דער געהערט צו די בערג — און ניט צו די טאָלן . . .

איך האלט, פארשטייט איר מיר, אזוי און אזוי, נאר אויב מ'דארף זיך שלאגן — איז שלאגן. ווי איר זעט מיך א פּאטריאָט, ווען איך האב צען זין, שיק איך זיי אלע אין מילכאמע. צום אומגליק איז מיין ווייב א בעזדעטניצע. שוין געווען מיט איר ביי דאקטוירים, ביי קארטן־ווארפער, פּרובירט אלע קונצן, נאר — ס'העלפט ניט!

און ווענן זיך אליין? זאלט איר זיך גארניט זארגן. איז ניט קיין סאלדאט — איז א קאפּיטאן — א גענעראל, זאל מען נאר דארפן! ווי איר קוקט מיך אן, בין איך אין לעצטן קריג אויך נישט געזעסן מיט קיין פּארלייגטע הענט — איך בין א פּאטריאָט!

איך זאג אייך, אז מיט מילכאמע איז די מייסע אזוי: מיילע, דער וואס שטארבט, איז דאך טויט. טויטע דארפן גארניט. אבער

פאר די לעבעדיגע איז מילכאמע שוין גאר א וואזשנער געשעפט . . . אויב מ׳פארשטייט ביזנעס . . .

איר זענט אמאל געווען אין מיין אפיס? דאס ציט זיך אזוי טאקע פון לעצטן קריג. אנגעפאנגען האב איך מיט „דזשאנק" און איצט, א דאנקען גאט, איז דאס גאלד — א גאלדענער געשעפט . . . ווען די לעצטע מילכאמע רייסט זיך ניט איבער אינמיטן — וואלט איך היינט געווען א מיליאנער.

איר זאגט: גאראנטירן די דזשאבס פון די סאלדאטן! גיי זיי א כאכעם און ווייס ווער עס וועט קומען צוריק מיט הענט און ווער אן פיס, ווער מיט אויגן, און ווער אויף א וועגעלע. און ווי איז, אז דו האלטסט דעם דזשאב און איינער קומט אינגאנצן ניט צוריק? כ׳מיין, צו פאטריאטיזם דארף דאך אויך זיין א מאס!

איך פארזיכער אייך, אז איך בין א פאטריאט פון קאפ ביז די פיס. איך גיב א „שאו" נאר אמעריקאנער פראדוקטן. איך האב פיינט די פרעמדע לענדער, די פרעמדע מענטשן, סיידן ס׳איז ניטא קיין ברירע. אט האט מיין ווייב געקויפט זיך א יאפאנעזיש הינטל, נו, ווען ס׳איז א מוז, איז דאך ניט שייעך. אדער, איך גיי אמאל אריין נאך א רומענישער מאמעליגע, אן אונגארישן גולאש, א איטאליענישע ספאגעטי. פונדעסטוועגן—האב איך שטענדיג אינזינען, ביי יעדן מאלצייט, צו עסן א שטיקל אמעריקען טשיז, ווייל איך בין א פאטריאט!

ביי מיר — א גרויסער יאנטעוו צי א קליינער יאנטעוו — די אמעריקען פלעג מוז ביי מיר הענגען איבערן שאפ. איך טראג א פלעג מיט דימענטלעד אויפן זייגערל. פאר מיין ווייב האב איך לעצטנס געקויפט אזא פלעג מיט א שפילקע, וואס זי טראגט אויפן בוזים. איך האב ניט געקארגט, באצאלט פינף הונדערט דאלער! גאט זאל מיר אזוי העלפן, איר פארשטייט, מ׳איז א פאטריאט, מוז מען זיך לאזן קאסטן . . .

איר׳ט דאך געהערט ווי ס׳זינגט זיך דאס לידעלע „איך בין א גרויסער פאטריאט, איך היט מיר מיינע צען געבאט!"

זיי מאכן א טאראראם: לינקאלן, שמינקאלן. ביי מיר מאכן די שווארצע א לעבן אזא יאר אויף מיר! ביי מיר איז פאראן א שווארצע קעכין, א שווארצער פארטער, א שווארצער שאופער, א שווארצער קלינער, א דזשעניטאר, און פלענטי שווארצע ארבעטער אין שאפ.

וואס ט'איר געוואלט, איך זאל זיי נאך אפגילטן, אדער אריינגעמען אלס פארטנער אין די ביזנעס?

יו סי, עפשער טאקע עמעס ווי איר זאגט, אז די ארבעטער שטעלן ביי מיר איין זייער לעבן, אבער זיי מאכן דאך א לעבן ביי מיר . . . און ביי מיר ארבעטן נאר אמעריקאנער, איך וועל ניט נעמען א „פאריינער" צו דער ארבעט, אפילע פאר אומזיסט. איך האב מיר געהאט מיט די גרינהארנס מיין לעסאן. מיין פארטנער, זאל ליגן אין רו, האט מיר אמאל איינגערעדט אריינצונעמען גרינע צו דער ארבעט. זיי ארבעטן, האט ער מיר געזאגט, האלב אומזיסט. לאז איך זיך איינרעדן, איך בין דאך עפעס א פאטריאט, טראכט איך מיר: אויב אמעריקע לאזט זיי אריין — דארף איך זיי אויך אריינלאזן. וואס זאל איך אייך זאגן, אין עטלעכע וואכן ארום האבן זיך צוזאמענגענומען די „גרינע" מיט די „שווארצע" און געווארן „רויטע", — מיר דערקלערט א סטרייק! איך זאג אייך, ווען ניט מיין פאטריאטיזם, וואס איך קען זיך מיט פאליציי, ווער ווייס וואס זיי וואלטן ביי מיר ארויסגעסטרייקט. נאר גאט צו דאנקען טאקע וואס איך בין א פאטריאט און פארשטיי א געשעפט.

יא, אייך איז גרינג צו רעדן: זיין א פאטריאט און ארבעטן אז פראפיטן. טאקע נו, גיט א טראכט: איך מאך מיר א שאפ, ארדן־אייז מאשינערי, לייג אריין וואסערע הונדערט טויזנט דאלער, און אינמיטנדערינען, גאט באהיט, גיט דיר א סטאפ די מילכאמע! מ'קאן דאך ווערן אפגעקאכט ווי א פליג אין טיי! איר זאלט מיר מויכל זיין, איר פארשטייט ניט קיין ביזנעס!

א פאטריאט, פארשטייט איר מיר, מוז האבן אינזינען די ביזנעס פון לאנד, און וואס רייכער דער ביזנעסמאן — אלץ רייכער איז די קאנטרי . . . דער סאלדאט שטעלט בלויז איין זיין שטיקל לעבן, אבער דער ביזנעסמאן — אלץ, אלץ.

זעט, אייער זון איז שוין אין דער ארמיי? ער האט זיך אליין אינליסטעט, זייער פיין, פיין! מיינע „דזשאנק", ווי איר זעט איז שוין אויך אין דינסט. פון יעדן אלטן טשוועקעלע וועט זיין א קויל! פון יעדער אלטער ראד — א ביקס! פון יעדן אקעראייזן — א קאנאן! און פון אונז אלטע מענטשן, אז גאט וועט העלפן, און מ'וועט דארפן — וועט זיין גענעראלן . . . א פאטריאט זאל מען זיין, א פאטריאט! . . .

פונדעסטוועגן, וואָס איר זאָלט ניט זאָגן אויף דעם יאַפּאַנאַציק, געוועזן אַ גוטער קאָסטאָמער פאַר די „דזשאַנק“ — אַ שאָד, אַ שאָד.

דעם עמעס געזאָגט, איך הערט, ביטווין מי, יו ענד — מאַי ווייף, פאַר מיר איז ניט קיין אונטערשייד ווער עס שטייט ביים רודער פון אַ שיף, אַבי — איך כאַפּ די פיש . . . איר פאַרשטייט?

וואָס זאָגט איר, איך רייד ווי אַ פינפטער פּאַלאַניק? (סאַלומניק) זייט זיכער, אַז איך ווייס וואָס איך רייד. דערווייל האָב איך שוין דורכגעמאַכט צוויי מילכאָמעס. אַן אַנדערער אויף מיין פּלאַץ, וואָלט שוין געוועזן דער „ניט־באַוואוסטער סאָלדאַט“... איך פאַרשטיי אָבער אַ געשעפט!

וואָס? איר לאַכט פון מיין פּאַטריאָטיזם, ווי זאָגט איר: איך בין אַזאַ פּאַטריאָט, ווי אַ קאַץ אַ סאַרווער? אָבער לעקן סמעטענע קאָן אַ קאַץ? איך פרעג אייך, יאָ! דאָצאָלן!

# דער וואַנדער־שטעקן

(אַ סימבאָליש מעשׂהלע)

ווען דער יונגער דאַווידל האָט אינם אַלטן רוסלאַנד זיך גענומען גרייטן אַרויסצוגיין איבערן דאָרף זוכן צו פּאַרדינען אויף ברויט, האָט דער אַלטער זיידע רעב אַרעלע, אים צוגערופן און אַזוי געזאָגט:

דאַווידל מיין קינד, דו גייסט זוכן צו פאַרדינען אויף ברויט. ס'איז זייער אַ שווערע אַרבעט. ברויט—איז זייער אַ טייערער ביסן... פאַר געציילטע איז דאָס פאַראַן איבערגענוג, נאָר פאַר אַ סאַך אַזעלכע ווי דו, ווי דיין טאַטע און מיר — פעלט דאָס, איבערהויפּט — ווען מ'איז נאָך אַ איד דערצו.

רעב אַרעלע האָט אַרויסגעשלעפּט פון אונטערן באַלקן אַ געזונטן דעמבענעם שטעקן, אַריינגעלייגט דאַווידלען אין דעם דאַרן הענטל און געזאָגט אים שטיל אויפן אויער:

— נעם־מיט אָט־דעם שטעקן, ס'איז אַ געזונטער שטאַרקער שטעקן. מיין טאַטע האָט מיר אים געלאָזט אַ ירושה, וואָס זיין טאַטע האָט אים איבערגעלאָזט, און צו זיין טאַטן איז דער שטעקן אָנגעקומען פון זיין טאַטנס־טאַטנס־טאַטן. פון דורעס־לאַנג האָבן מיר דעם שטעקן אין האַנט . . . ס'איז דער אידישער שטעקן — דער וואַנדער־שטעקן פונם אידישן פאָלק . . . און קעדיי צו זוכן ברויט, קינד מיינס, מוז מען האָבן אַ שטעקן . . . דו וועסט באַגע־גענען אויפן וועג אַ סאַך בייזע הינט, וועלף, שלאַנגען און אַנדערע אַנשיקעניש . . . נעם דעם שטעקן אין האַנט אַריין, קינד מיינס, און זיי מאַצליעך.

אַזוי האָט דאַווידל זיך גענומען אַרומטראָגן מיט דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט.

דאַווידל איז געוואָרן אַ קאַראַבעלניק, אַרומגעשפּאַנט פון דאָרף צו דאָרף, געקויפט, פאַרקויפט, געהאַנדלט, געוואַנדלט און געהיט דעם שטעקן, ווי אַן אויג אין קאָפּ.

אויפן וועג איז דאַווידלען אויסגעקומען צו ווערן־זיך נעגן אַ סאַך בייזע הינט, און ווען ווילדע כוליגאַנעס האָבן גענומען באַשעווען נעגן די אידן פון שטעטל, איז ווידער דער שטעקן אים צוניץ געקומען.

נאָר ווי ניך דאָס „געזעץ" האָט באַשלאָסן אַרויסצעטרייבן אַ צאָל אידן פונם שטעטל, און דאַוויד איז געווען איינער פון זיי — האָט ער דאָס ערשטע גענומען דעם שטעקן אין האַנט . . .

אַז פונם שטעטל האָט מען אַרויסגעטריבן און אין גרויס־שטאָט נישט אַריינגעלאָזט, האָט דאַוויד ווידער גענומען דעם וואַנדער־שטעקן אין האַנט — געוואַנדערט, געוואַנדערט און צום סאָף זיך באַזעצט אין אַ דאָרף און זיך איינגעאָרדנט אַ פּאַכט.

אין דעם פּאַכט האָט שוין דאַווידל געהאַט ניט נאָר ברויט — נאָר אויך פּוטער. נאָר דעם שטעקן האָט דאַווידל ניט אַוועקגעוואָרפן. דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, ער וועט אים נאָך דאַרפן . . .

איין טאָג איז געקומען דער פּאַריץ, צוגענומען ביי דאַווידן די בעהיימעס, די שטאַלן, די הייס, און דעם אידן דאַווידן אַרויסגע־טריבן פונם דאָרף.

איז ווידער דאַוויד מיטן שטעקן אין האַנט. ער האָט ווידער זיך גענומען צום וואַנדערן. אויפן וועג האָט ער באַגעגנט סאָלדאַטן־ראַצכים. זיי האָבן צוגענומען זיין בייטעלע מיטן ביסל געלט, זיין זעקעלע מיט שפּייז. אַ געבויגענער, צעבראָכענער, האָט דאַווידל, אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקן, — אַוועקגעשפּאַנט, ווייטער, ווייטער, פון שטאָט־צו־שטאָט, פון לאַנד־צו־לאַנד.

ער איז געקומען אין אַ קליין שטעטעלע, גענומען קלאַפּן אין די טירן, סאַהאָל האָט אים באַזאָרגט מיט אַ נייער טאָרבע . . . און — געוויזן דעם וועג צו אַ ווייטערדיגער שטאָט.

האָט דאַוויד פאַרוואָרפן די טאָרבע אויף דער פּלייצע, גענומען דעם שטעקן אין האַנט און — ווייטער געשפּאַנט.

אויפן וועג האָט דאַוויד מיט אַמאָל דערזען אַ סאַד, אַ סאַך מענ־טשען — מענטשן און שטעקנס, מאַנסבילן, ווייבער, קינדער און טאָרבעס.

דאַוויד האָט שטאַרקער צעעפנט די אויגן, ער האָט אַ גלייך געטאָן דעם איינגעבויגענעם רוקן און מיט שרעק אַ פרעג געטאָן:

— וואָהין גייען אידן?

און ער האָט דערהערט איין ענטפער:

— וואו די אויגן טראָגן . . .

דער עלטסטער פון דער וואַנדער־גרופּע איז צוגעקומען, געגעבן

דאווידן א שאלעם־אליייכעם און מיט א ציטערדיגער שטימע גענומען ריידן:

— קערט זיך אום, רעב איד, דער וועג וואו איר גייט איז א געפערלעכער.

דאוויד האט א הויב געטאן דעם שטעקן אין האנט.

— דער שטעקן, רעב איד, — זאגט ווידער מיט שרעק דער עלטסטער, — קאן אייך אמאל באשיצן געגן בייזע וועלף, אבער פון מענטשן־וועלף, מיט קאנאנען, מיט ביקסן — מוז מען אנטלויפן, ס'איז א וואנדער־שטעקן, אבער נים קיין וואונדער־שטעקן . . .

ווען יונג און אלט זיינען אויף א ווייל שטיין געבליבן לעבן א טייך זיך אנצוטרינקען, האט דאוויד דערהערט שווערלעכע רייד.

— מילכאמע, מילכאמע, ס'האט אויסגעבראכן א מילכאמע און אידן זיינען די ערשטע קארבאנעס — אלע לויפן פון פייער.

דאווידל האט פארווארפן די טארבע אויף דער צווייטער זייט פלייצע, פארדריקט שטארקער דעם שטעקן אין האנט, ער האט גענומען וואנדערן מיט די אנדערע וואנדערער אויף א לאנגן, לאנגן וועג, וואו געטאגט, נים גענעכטיגט.

בערג האבן געציטערט פון קאנאנען־קראכן, צעשראקענע קינדערלעך האבן זיך צוגעהערט צו די געזשומען פון די עראפלאנען און זיך געטוליעט צו די מאמעס. דאוויד, אנגעשפארט איבערן שטעקן, האט צוזאמען מיט די אנדערע אידן געשעפטשעט טפילעס.

נאך וואכן און וואכן וואגלען האבן די וואנדערער דערגרייכט א שטעטל. נאר ווי גיך זיי זיינען אריינגעקומען, האבן זיי דערהערט געוויינען, קלאגן און געשרייען:

— א פאגראם! א פאגראם! די ווילדע נאצים האבן געהייסן אויסקוילענען אלע אידן.

דאוויד האט מיט ציטער א הויב געטאן דעם שטעקן אין זיין האנט, ער האט געוואלט זיך א לאז טאן צו די מענטשן־כאיעס, נאר — דער שטעקן איז געבליבן אים הענגען אין דער לופטן.

מיט אמאל האט עפעס א ציטער געטאן אין דער לופט. צעשראקענע אויגן האבן גענומען קוקן אין איין ריכטונג, עס האט עפעס ווי אן עכא זיך גענומען הערן א ריטמישער קלאפ פון פערדישע פארקאוועס, האס שאלן פון טרומפייטן, עפעס אזא מאדנער, דערפרייענדיגער געזאנג — — — — — — — — — — — — — —

ווען אלע זיינען געשטאנען ווי פארגליווערט פון א מאדנעם גע־מיש פון שרעק און פרייד, איז אנגעלאפן א יונג מיידל מיט א פאר־בלוטיגט טיכל איבערן פאנים. אירע געשרייען האבן ווי פארשטילט דעם גאנצן גערויש פון דעם ארום:

— אידן! אידן! די רויטע ארמיי קומט! מיר זיינען געראַ־טעוועט!

די טרויעריגע זיינען דערפרייט געווארן; די וויינענדיגע האבן גענומען טאנצן:

— לאמיר זיי אנטקעגן גיין — האבן שטימען גענומען שרייען.

— מיט א רויטער פאן, מיט א רויטער פאן! — האט די יוגנט אונטערגעזאגט.

דאס יונג מיידל האט א כאפ געטאן איר רויט־פארבלוטיגט טיכל פון פאנים:

— א פאן, א פאן, אט האט איר א פאן!

— א שטעקן? א שטעקן? — האט מען גענומען פרעגן.

רעב האווידל, וועלכער איז געשטאנען די גאנצע צייט מיטן שטעקן ווי פארגליווערט אין דער לופטן, האט ארונטערגעלאזט זיין האנט, מיט זיין געביילטן פויסט זיך א וויש געטאן די טרערן פון די אויגן:

— נאט, קינדערלעך, א שטעקן, דאס איז מיין וואנדער־שטעקן, וואס איך האב געקראגן בעיערושע פון דאר־דורים. נאט, קינדערלעך. אזוי לאנג ווי עס וועט פלאטערן די רויטע פאן — וועל איך מער ניט דארפן קיין וואנדער־שטעקן אין האנט! . . .

# אַ מילכאָמע קאָרבן

(מאָנאָלאָג פון אַ אידענע)

(מיסעס מולטער, אַ צעגאַסענע אידענע, שטייט און מאַכט איבונגען: אָנשטאָט צו דערגרייכן מיט די הענט די שפּיץ פינגער פון די פיס, מאַכט זי דאָס האַלבּ־וועגס: הויבט אויף די רעכטע פוס צו דער לינקער האַנט, און די לינקע פוס — צו דער רעכטער האַנט. סאָפּעט שווער, ווישט זיך דעם שוויים און טאַינעט זיך אוים מיט אַ צווייטער פרוי.)

איינס צוויי, איינס צוויי, איינס צוויי, אָי, זאָל היטלערן אַזוי שווער זיין צו הויבן דעם קאָפּ, ווי מיר איז שווער צו הויבן אַ פוס.

גלויבט מיר, ווען ס׳איז ניט אַזוי שווער דאָס בייגן זיך און ברעכן זיך, וואָלט איך געמאַכט די „עקסטרעסייז" . . . (עקסער־סייז) דריי מאָל אַ טאָג. ס׳איז גוט, סיי פאַרן אַפּעטיט און סיי פאַרן פאַרלירן וואָג. איך מיינט ס׳אוואונדער פאַרוואָס סאָלדאַטן זיינען אַזוי פלינק? — ס׳איז די „עקסטרעסייז" וואָס זיי מאַכן.

אין דער עמעסן זאָלן מיינע און אייערע סאָנים אַזוי לעבן, ווי די דייעט־דאָקטוירים ווייסן וואָס זיי ריידן, וואָרים אוואו אַ דאָק־טאָר, אַ רויפע, אַ זנאַכאַר — בין איך שוין געווען וועגן מיין „בלאַד־פּלעזשור" („פּרעשור"), און זייערע אַלעמענס מיטלען קען אַזוי העלפן, ווי אַ שפּרונג צו קינדלען . . . געוויס קענט איר אַליין פאַרשטיין, אַז די מילכאָמע גיט מיר ניט צו קיין געזונט. זאָגט מיר טאַקע, די מיסעס האָדעס, וואָס „וואָרעט" איר מער פון אַלעמען? וואָס איז, עס גייען עפּעס אונטער אייערע שיפן? . . .

נו, גיי דערציייל איך ווי מ׳פילט. לעצטע וואָך שפּילן מיר אַזוי פּויקער, איר הערט, זאָל איך אַזוי זען היטלערן אַ געהאָנגענעם, ווי איך קריג אַ „סטרייט פלאַש", און איידער איך זאָג אַ וואָרט, ווערט מיר פינצטער פאַר די אויגן. וואָס איז — אַ „בלעק־אַוט"? איך זאָג אייך ניט קיין ליגן, ערשט אַז מ׳האָט אָנגעצונדן די ליכט, איז דאָן מיר ווידער ריכטיג פינצטער געוואָרן — איך האָב אָפּן

טיש פון די גאַנצע געלט — געטראָפן אַ גלאַטן דיים און 4 סענט. און אויב איר מיינט, אַז איך ווייס ניט אַז די זעלביגע מיסעס האָרעסל האָט געהאַט אַ האַנט אין דעם . . . מאַכט איר אַ טעות.

און אַ כּוץ דעם, מיינט איר פעלט ערגערניש? אַט דאַרף איך שטעלן די איינגעמאַכטס און מאַכן אַביסל פּאַווידלע, זאָגט מען מיר, אַז איך און די שנאָרערקע, מיסעס וואַסערמאַן, דאַרפן גלייך שטיין אין ליין און וואַרטן פאַר צוקער. ס'איז נאָך גוט, וואָס איך האָב געהאַט אַביסל סייבל . . . וועט זי ניט דערלעבן צו זען מיר שטיין אין ליין מיט מיין שוואַכן געזונט.

איר זאָגט דאָס, פון וואָס עס קאָן זיך אַלץ מאַכן ערגערניש. איך גיי מיר אַנומלטן מיטן הינטל אויף אַ שפּאַציר, שטייט אַ מאַן מיט אַזאַ מאַשינקע און זאָגט, אַז פאַר 10 סענט ווייזט די מאַ־שינקע פּונקט ריכטיג ווי עס האַלט מיטן „בלאַד־פּלעזשור". וואַרף איך מיר אַריין אַ דיים, לייג אַרויף מיין האַנט, און הערט אַ כּורבן: די מאַשינקע האָט געוויזן גאַנצע פינף הונדערט פּאָינטס. אַלזאָ, מ'האָט מיר קוים געבראַכט אַ היים אַ לעבעדיגע. און גראָדע דאָס מאָל איז גערעכט געווען מיין מאַן, אַז איבעראַל, זאָגט ער, שטופּ־סטו דיינע הענט וואו מ'דאַרף ניט . . . אַ „בלאַד פּלעזשור", זאָגט ער, אַז מ'צערייצט אים ניט, ליגט ער איינגעלייגט . . .

איר קאָנט דר. קראַכמאַל? ער, זעט איר, זאָגט מיר, אַז מיין „בלאַד־פּלעזשור האָט אינגאַנצן צו טאָן מיטן „דייעט". ער האָט מיר אַנגעזאָגט ניט צו עסן קיין פליישיגס, טאָקע גאַרניט, אַפילו קיין שטיקל פּאַסטראַמי ניט . . . נו, איר קאָנט זיך פאַרשטעלן מיינע צאָרעס! ערשט נאָכדעם אַלעמען, ס'איז ניט אַוועק קיין דריי וואָכן און איך האָב צוגעקראָגן 12 פונט פון דאָס ניי.

טאָינעט דר. קראַכמאַל: איך עס צופיל! הערט אַ געשיכטע, איך הויב ניט אָן צו פאַרשטיין. מיילע, אַז מ'מאַכט פון שטיין־קוילן מיט וואַסער — זאָקן, זעט מען דאָך, אָבער ווי קען פון אייז־קרים, סוויט־קרים, אָדער פון בלינעס אין זויערקרים — ווערן פלייש? איך קען דאָס ניט באַגרייפן. איר זעט, אָה, אָט דעם „ספּער־טייער"? (זי ניט זיך דערביי אַ קניפּ אין ליטקע.) האַלט פאַר מיר דער דר. קראַכמאַל אַ גאַנצענע דראָשע און זאָגט אַזוי: ס'איז פאַראַן אין מיר אַזאַ מין גלענד, אַט־אַדאַ, זאָגט ער, ס'הייסט אַזאַ נאַטירלעכע מאַשינקע, וועלכע אַרבעט אַליין פון זיך — און פראַ־

דוצירט פלייש. ס׳הייסט, לאַכט ער נאָך פון מיר, אויב עס זאָל אַזוי ווייטער אָנהאַלטן, וועל איך ווערן אַ סטאָק־יאַרד . . . און קאָנען פּאַרקויפן פלייש ווי אַ טרייפענע בוטשער־סטאָר . . .

בין איך טאַקע געוואָרן אין כּעס אויף אים און אַוועק צו דר. קניש. דר. קניש האָט מיר באַזוכט און באַטאַפּט און האָט מיר אַזוי געזאָגט: אַז דאָס עסן פלייש איז פאַר מיר ניט אַזוי געפערלעך, ווי דאָס עסן די אידיישע ברויטן, מיט די אידישע עסנס. מיט איין וואָרט, קיין פּאַמפּערניקל, קיין קאָרן־ברויט, קיין כאַלע און קיין לאָקשן־קוגל.

נו, ווי מיינט איר? אַ ברייריע האָב איך געהאַט? איך האָב שוין געזען, אַז ביי מיר אין הויז זאָל ניט אַריינקומען קיין איינע פון די אידישע עסנס.

פּאָר מאָנאַטן לאַנג האָב איך זיך אַזוי, נעבעך, געמוטשעט, געמוזט ווערגן מיט אַ פראַנצויזיש ברויטל, מיט אַן איטאַליענישע כאַלע, מיט ראַשען העלט־ברעד, אונגאַרישן גולאַש, רומענישע מאַמעליגע און כינעזישע לאָקשן.

אבי איר פאַרשטייט! וואָס פרעגט איר פּראַגעס? אין איינע צען טעג האָט זיך מיין גלענד אַזוי צעשפּילט, אַז איך האָב צוגעקראָגן פרישע 18 פונט . . .

מיין שווינער, זאָל געזונט זיין, זאָגט: קיין איעזה־אָ־רע ניט, ס׳איז פאַראַן אויף וואָס אַ קוק צו טאָן, און 18, זאָגט זי — איז צום לעבן. אַ לעבן אויף מיין שווינער, זי איז ניט קיין קאַרגע, זי האָט אַלץ ליב, זאָגט זי, מיט אַ ברייטער האַנט. זי האָט פיינט, זאָגט זי, אַ שנור — אַן איינגעדאַרטער לולעוו, און מיין מאַן, אַ געזונט אויף אים, האָט אויך פיינט אַ „לעם־טשאַפּ“ . . . ס׳איז, זאָגט ער, קיי און שפּיי . . .

זעט איר, אַ קלאָג מעג כאַפּן די באָס־קאָמפּאַניס. זיי, זאָג איך אייך, פאַרגינען ניט אַ מענטשן דאָס לעבן. דעם קאָנדוקטאָר קריכט שטענדיג אַרויס די אויגן, פונקט ווי איך וואָלט געגעסן עפּעס זיינס, — אָדער געשלאָפן אויף זיינס אַ בעט . . .

אַנומלטן גיי איך מיר אַרויף אָפן באָס, וואַרף אַריין מיין ניקל און וויל זיך אַריינדרייען מיטן דריידל, דרייט זיך מיר אַריין בלויז איין פוס, און די אַנדערע — כאַטש גיב איר אַ מות־צעטל, אַנדערש וויל עס ניט גיין . . . צעלאַכט זיך דער קאָנדוקטאָר און

זאָגט מיר: מיסעס, וואַרפט אַריין נאָך אַ ניקל פאַר דער צווייטער פוס, ווייל אַנדערש וועט זיך דאָס רעדל ניט דרייען . . . טראַכט איך, און זאָג אים טאַקע: קאַדאַכעס וועל איך דיר וואַרפן — ניט קיין ניקל. וואָס איז, דיר בין איך שוין אויך גרויס אין די אויגן? דו קאַרמעסט מיך? פרעג איך אים, טאַקע אַזוי שטייענדיק מיט איין פוס אין דער פּעדאַל און מיט דער צווייטער אין דרויסן . .

מישט זיך אַריין אַ איד מיט אַ פּעמפּיק, וואָס איז גאַרניט זיינע כאַזערשע ביזנעס, און זאָגט אַזוי צום קאָנדוקטאָר:

— איצט, אין מילכאָמע־צייט, וואָלט איך שוין בעסער אַזאַ אײ־דענע געקליידט, ווי געגעבן עסן. ווייל אַן עסן קאָן זי נאָך, כאַליע, איינפּאַלן . . . און אַזאַ באַריקאַדע קאָן צוניץ קומען . . . אָבער אַן קליידער וואָלט מיך ניט געאַרט . . . און ער וואַרפט דערביי אַזוי אַ גאַנייעוויש קוקעלע צו מיר, וואו מ'דאַרף ניט . . .

איך כאַפּ אַ קוק וואו ער קוקט, און — עס ווערט מיר פינצטער פאַר די אויגן: דער גאַנצער ראַספּאַר האָט געפּלאַצט.

ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיגע, איך האָב מיט געוואַלד אַרויס־געריסן צוריק מיין פוס און אַרונטערגעלאָפן ווי אַן אונטערגעשאָסענע פונם באַס. אַ מאַקע, זאָג איך, וועט איר קריגן ביי מיר 10 סענט קאַר־פעיר, איך האָב פיינט אַנצושטאָפּן קאָמפּאַניס . .

וואָס הייסט, וואָס האָב איך געטאָן? איך בין אַוועק צו־פוס, און איצט גיי איך אַלע מאָל צו־פוס — שפּאָר קאַר־פעיר און פאַרליר וואָג.

דר. פורינג זאָגט מיר: איר ווייסט מיסעס מולטער, אויב איר וועט מיר פאָלגן, וועט ניט נעמען לאַנג און איר וועט קאָנען פאָרן פאַר האַלב קאַר־פעיר . . .

וואָס זאָגט איר, איך וועל נאָך קאָנען פאָרן אויף אַ בייסיקל? לאַכט ניט: איך פאָר שוין, און ס'איז שוין גאַרניט פון די שלעכטע זאַכן. דר. פורינג האָט דאָס מיר גראָדע „אַדווייזט" און מיין מאַן האָט מיר טאַקע אַנומלטן געקויפט לערנען ווי צו פאָרן. לאָזט מיר אייך זאָגן, ס'איז שוין באַלד געגאַנגען אויף אַ וועג, נאָר אויף מיין שלים־מאַזל, איז פּונקט דאַן וועזן די מיסעס גריוון איז געשטאַנען און צע־פּוקעט געוואָרן ווי מיין מאַן האַלט מיך אונטער — קראַכט דאָס בייסיקל און אַלע רעדלעך און ספּרונזשינעס ווערן צעשאָסן אונטער מיר ווי אַ טאַרפּידאָ וואָלט אויפגעריסן . . .

פונדעסטוועגן זאָג איך אייך, מעג זיך די מיסעס גריוון פּלאַצן, מיין מאַן זאָגט מיר, ווי גיך כ'וועל פאַרלירן די 86 פונט, אַזוי אַז מיין „בלאַד־פּלעזשור" וועט ריכטיג אַרבעטן און איך וועל קאָנען אַריינגיין צום סיט אין דער מאַשין . . . — קויפט ער מיר גלייך די שענסטע „שיוורע־לייע" . . . איר פאַרשטייט — היינטיגע צייטן אַז אַ מאַשין קאָן מען ווייט ניט פאָרן . . .

אַנטקעגן דעם וואָס איר זאָגט אַזוי ווי די מיסעס האָדעס — „וואָרעט" ניט. מיין מאַן זאָגט מיר, אויב כאָלילע וכאָס די מילכאָמע זאָל זיך ניט אָפּשטעלן, איז אַן אומגליק. ניט נאָר וועט מען ניט קאָנען קויפן קיין נייע מאַשין, נאָר אפילע אַ „ספּער־טייער" פאַר דער אַלטער מאַשין וועט מען אויך ניט קאָנען קריגן. און מיינער, אַ לעבן אויף אים, קאָן אַז אַ „ספּער־טייער" מיט מיר, זאָגט ער, אין ערגעץ ניט פאָרן . . .

איר הערט, איך לייג אַ סאַך געוויכט אויף דעם דר. פודינג. ער איז ניט אַזאַ דאָקטאָר ווי אַלע. ער זאָגט, ביז די מילכאָמע וועט סטאָפּן, וועט מיר ווערן אַ סאַך גרינגער. נו, וועט איר נאָך זען ווי איך וועל טרייבן אַ מאַשין און איר וועט נאָך פאָרן מיט מיר.

איך זאָג אייך, געזונט און שטאַרק זאָלן זיין די מענטשן, וואָס האָבן אויסגעטראַכט די „מאַגאַנעזי". ווי זאָגט איר: גומינעזי? דזשימינעזי? ווי עס זאָל ניט זיין — ס'איז גוט! גלויבט מיר: ס'ווילט זיך שוין עסן! איינס־צוויי, איינס־צוויי, איינס־צוויי.

(זי הויבט ווידער די רעכטע פוס — צו דער לינקער האַנט. די לינקע פוס — צו דער רעכטער האַנט.)

# אַלץ איז באַזאָרגט

(הומאָרעסקע)

ווי גיך די מיסעס קאָלבאָס האָט זיך איינגעפּאַקט פאַר איר רייזע קיין פלאָרידע, פאַר איר ווינטער־וואַקאַציע, האָט זי שטרענג אַ רוף געטאָן איר דינסט און אַזוי געזאָגט:

— הער נאָר, ליזע, איך פאָר אַוועק אויף עטלעכע כאָדאָשים קיין פלאָרידע. טאַ, געדענק־זשע, אַז איך לאָז דאָ איבער מיין פאַרמעגן אין דיינע הענט.

— זיי וויסן, האָט זי איר געציילט אויף די פינגער, — צוויי מאָל אַ וואָך זאָלסטו אויסשטויבן די פאַרניטשור, עס קאָסט צוויי טויזנט דאָלער דער סעט, כוץ די קאָווערס. אַלע וואָך זאָלסטו וואַשן די פענצטער. דריי מאָל אַ וואָך זאָלסטו איבערציען דאָס בעטגעוואַנט.

— הער נאָר, זאָלסט זיך ניט דערוועגן צו עפענען די דזשאַרס מיט דזשעלי, ווייל ס'קאָן זיך נאָך אַריינכאַפּן ווינט אין דעם און ס'קאָן אָנפאַנגען שימלען. און געדענק־זשע טויזנט מאָל, אַכטונג צו געבן אויף אונזער הינטל פּעפּסי'ן, פאַרגעס ניט, אַז אַזאַ הינטל קען מען פאַר קיין געלט מער ניט קריגן, מיין דזשאָזעף האָט מיר אים געקויפט צו אונזער זילבערנער כאַסענע, ער קאָסט זעקס הונדערט דאָלער, אַ כוץ דעם קייטעלע און סוועטערל.

— יאָ, האָט זי צוגעפירט דער דינסט צו דער גלעזערנער וואַזע,

— דו זעסט די גאָלדענע פישעלעך? זיי קאָסטן 12 דאָלער אַ שטיק, אַ כוץ דער וואַזע און דעם עסן. און פאַרגעס ניט אונזער קאַץ, קיטי. ווייסט, מיין ליידיס־סאָסייעטי האָט מיר דאָס קעצעלע געגעבן אַלס מאַטאָנע צו מיין געבורטס־טאָג. קיידי קאָסט ניט ווייניגער ווי דריי הונדערט דאָלער, כוץ דעם ריבן און די זילבערנע שפּילקעלע מיטן גלעקל. געדענק־זשע, זיי מוזן האָבן אַלע טאָג פרישע לופט. נעם אַרויס אויף אַ פּאָר שאָ דעם הונט און אויף אַ פּאָר שאָ די קאַץ. און פאַרגעס ניט אַכטונג צו געבן אויף מיין דזשאָזעפ'ן. זע אַז ער זאָל אַלע וואָך בייטן די וועש און זאָקן. ער ליידט, נעבעך, אויף אַ שוואַכן זיקאָרן. דערמאָן אים צו אָנטאָן די

קאלאשן מיט א סוועטער. ער האט מיר לעצטן יאר אפגעקאסט ניט ווייניגער ווי 12 הונדערט דאלער דאקטוירים, א כוץ א נוירס און מעדיצין.

— נו, יא, און האב טאקע אינזינען און שטאפ זיך ניט איבער מיטן עסן, ווארום דו ווייסט וויפיל צארעס איך האב מיט מיין מאגן . . . און זע, ברען טאקע ניט צופיל די עלעקטריק, עס קאן נאך שטערן פעפסי'ן און קיידי'ן צו שלאפן.

ווען די מיסעס קאלבאס איז פארטיג געווארן מיט די ארדערס צו דער דינסט, האט זי א רוף געטאן צו זיך איר דזשאזעפ'ן און אים שטיל, אויפן אויער, אזוי געזאגט:

— גיב אכטונג אויף דער דינסט. צייל איבער יעדן טאג די זילבערנע לעפעלעך און געדענק: ס'איז פאראן 14 קרישטאלענע ווייןגלעזער, און ווארף טאקע אן אויג אויף די זיידענע נעפקינס... און פארגעס ניט טאקע צו זיין אביסל שפארעוודיג מיטן צוקער, ס'איז מילכאמע-צייט, האלט דעם שופלאד פארשלאסן . . .

נאך דעם אלעמען, האט זי א קוש געטאן דאס הינטל, א גלעט געטאן דער קאץ, א מאך געטאן מיטן האנט א טא-טא-טא צו דזשאזעפ'ן, און א בורטשע געטאן א גוד-באי צו דער דינסט, — אזוי איז די מיסעס קאלבאס אוועקגעפארן קיין פלארידע.

ווי גיך דזשאזעף האט דערהערט דעם פייף פון דער באן, האט ער געעפנט זיינע אויגן — דאס הויז איז אים געווארן א פלארידע . . .

דזשאזעף האט די ערשטע זאך פאר זיך באשלאסן אוועקצושיקן יעדע וואך אויף עטלעכע טעג — די דינסט פון הויז, ער זאל זיין פריי צו קאנען זיך וואוילגיין.

— איך וועל שוין אכטונג געבן אויף אלץ אין הויז, — האט ער בארואיגט דער דינסט.

די דינסט האט נארניט געקאנט אפלויבן די גוטהארציקייט פון איר באלעבאס, ביז איין פרימארגן, ווען זי איז אריינגעקומען אין הויז און איז שיער אין כאלאשעס געפאלן פון דעם שרעקלעכן בילד, וואס זי האט פאר זיך דערזען: זי האט ניט אנדערש געדענקט, ווי נאר, די נאצים האבן געווארפן א באמבע אין הויז.

א פולע הויז אנגעווארפן מיט פלעשער ליידיגע און האלבליידיגע, אלץ פארפלעקט און פארגאסן, עטלעכע וויין-גלעזער צע-

בראַכן. אויף דעם דיוואַן איז געלעגן דאָס הינטל פּעפּסי, איינגע־נורעט — אַ טויטס; קיידי, די קאַץ איז געלעגן מיט אַ פאַרוואָרפן קעפּל ביים קאַמין. אַלע פישעלעך, מיט די ווייסינקע בייכעלעך איבערגעקערט — זיינען אַרומגעשוואומען טויטע אין די גלעזערנע וואַזעס. די דזשאַרס דזשעלי — אַלע צעעפנט. אין איין שלאָף־צימער — אַ בערגעלע מיט אונטערוועש און זיידענע זאָקן, מענער־שע און ווייבערשע, אויסגעמישט אין איין קנויל . . .

ליזע איז שטיין געבליבן צעטומלט און, אַז זי איז געקומען צו זיך, האָט זי גלייך אָפּגערופן צו דזשאָזעפ'ן אין געשעפט.

אין אָוונט, ווען מיסטער קאַלבאַס איז אַריינגעקומען אין הויז און דערזען דעם חורבן, האָט ער צעעפנט זיינע האַלב־פאַרשלאָפענע אויגן. ער האָט אַלץ באַקוקט און דאַן רואיג גענומען טרייסטן דער דינסט: זאָרג זיך ניט, דאָס האָב איך געפּראָוועט „שלוישים" ווי די מיסעס איז אַוועקגעפאָרן . . .

— נאָר גליקלעך זיינען מיר, — האָט ער־זי פּרובירט אַ גלעט טאָן, — וואָס די ביסעס קאַלבאַס זעט דאָס ניט.

— אָבער, — האָט די דינסט געוויינט מיט טרערן, — זי וועט דאָך אָבער זען, אַז קיידי איז ניטאָ — טויט; פּעפּסי איז ניטאָ — טויט. די טייערע גאָלדענע פישעלעך ניטאָ — טויט; די קרישטאָלענע ווייז־גלעזער — צעבראָכן; די דזשאַרס דזשעלי — צעעפנט!

— זאָרג זיך ניט, זאָרג זיך ניט! — האָט ער איר ווידער פּרובירט באַרואיגן, — נאָ דיר אַ פינף־און־צוואַנציגער, גיי אַרויס מאָרגן אין די סטאָרס, קויף פאַר דריי דאָלער אַ הינטל, פאַר אַ דאָלער אַ קעצל. זע נאָר, זיי זאָלן זיין ענלעך צו די — פּעפּסי און קיידי . . . גיי אַריין אין 5 און 10 סענט סטאָר, קויף אַנדערע ווייז־גלעזער, קויף אַנדערע דזשאַרס מיט דזשעלי, קויף אַנדערע פישעלעך — און פאַרגעס פון דעם אַלעמען!

— יאָ, — האָט זיך ליזע נאָך שטאַרקער צעוויינט, — ווי קאָן איך קויפן אַ הינטל פאַר דריי דאָלער, וואָס האָט פריער געקאָסט זעקס הונדערט דאָלער? און אַ קאַץ פאַר אַ דאָלער, וואָס האָט פריער געקאָסט דריי הונדערט דאָלער?

— זיי ניט קיין נאַר, — האָט דזשאָזעף זיך צעלאַכט, — גיי, אָפן נעקסטן בלאָק און קויף זיי אין דערזעלבער סטאָר, וואו מיין מיסעס קאַלבאַס האָט זיי געקויפט . . .

אויף מאָרגן האָט ליזע איינגעקויפט אַלץ, וואָס דער באַלע־באָס האָט איר אָנגעזאָגט, און זי האָט באַשלאָסן פון איצט אָן און ווייטער אכטונג צו געבן אויף דעם ווי דאָס אויג אין קאָפּ.

ליזע איז שוין מער ניט אָפּגעטראָטן פון הויז. זי האָט אַכ־טונג געגעבן אויף די נייע פישעלעך, אָפּן נייעם הינטל, אויף דער נייער קאַץ און — אָפּן אַלטן באַלעבאָס, אַז ער אַליין זאָל בייטן זיינע וועש און זאָקן און ניט מאַכן מער קיינע הוליאַנקעס אין הויז.

ווען אין אַ פּאָר כאַדאָשים שפּעטער איז געקומען צו פאָרן די מיסעס קאַלבאַס פון פלאָרידע, און האָט זיך אַרומגעכאַפּט קושן מיט איר הינטל פּעפּסי׳ן, איז זי אויף אַ וויילע געבליבן שטיין גע־פּלעפט, קוקנדיג אויף איר מאַן און אויף דער דינסט:

— ליזע, — האָט זי אַ רוף געטאָן דער דינסט, — האָט אונ־זער פּעפּסי ווען געהאַט אַזעלכע קודלעוואַטע האָר מיט לאַנגע אויערן?

ליזע, אַביסל צעטומלט, האָט גענומען שטאַמלען:

— איר פאַרשטייט, באַלעבאַסטע, ווען דער ווינטער איז אַ קאַל־טער, וואַקסן ביי הינט גרעסער די האָר, און די אויערן האָבן זיך אויסגעצויגן פון איבערראַשונג, ווען ער האָט דערהערט, אַז די ליבע באַלעבאַסטע איז געקומען.

דזשאָזעף האָט צוגעגעבן: יאָ, ס׳איז ריכטיג אַזוי.

— נו, און וואָס איז דאָס? — האָט די מיסעס קאַלבאַס, אַ בראָד געטאָן מיט די הענט, — זע נאָר ווי איינגעדאַרט די קאַץ איז? קיי־דעלע דאַרלינג, וואָס איז פון דיר געוואָרן?

ליזע האָט שוין ווייטער געשפּילט די ראָלע:

— איר הערט, באַלעבאַסטע לעבן, פאַר דער צייט וואָס איר זענט אוועקגעפאָרן, האָט זי גאָרניט געוואָלט עסן. זי איז אַרומגע־גאַנגען שטענדיג פאַרבענקט נאָך אייך און געמיאַאוקעט ווי אַ קאַטער.

און דזשאָזעף האָט גלייך צוגעגעבן:

— געבענקט בלויז? זי האָט געוויינט גאַנצענע טעג נאָך דיר.

און אַז די מיסעס קאַלבאַס האָט אַ וואָרף געטאָן איר אויג אויף די פישעלעך, האָט זי שוין צופרידן אויסגערופן:

— קיין איינ־הארע ניט, ווי זיי זיינען דאָס אין די עטלעכע כאַ־דאָשים אויסגעוואַקסן.

— איר פאַרשטייט, — האָט שוין ליזע אַ צופרידענע צוגעגעבן, — פישעלעך, ווי קליינע קינדערלעך, וואַקסן ווען ס׳איז זיי וואַרעם...

— נעווים, נעווים, — האָט דזשאָזעף צוגעלייגט, — איך האָב טאַקע אַכטונג געגעבן אויף אַלץ ווי אויף קליינע קינדערלעך. קאָנסט זיך, מיין טייערינקע, אויף מיר פאַרלאָזן . . .

— יאָ, — האָט די מיסעס קאַלבאַס געגעבן אַ מעסט־אָפּ ליזע'ן מיט די אויגן, און אַ קרים געטאָן מיט די ליפּן, — אָבער זאָג מיר נאָר, פון וואָס האָסטו זיך דאָס אַזוי אויסגעפּאַשעט? זע נאָר דיין טאַליע?

ליזע האָט ווי אַ פאַרלאָרענע אַרונטערגעלאָזט די אויגן און דזשאָזעף האָט מיט אַ געמאַכטן שמייכל פּרובירט פאַרענטפערן זי:

— פּאָרשטייסט, טייערינקע, זי קוועלט אָן פון דעם, וואָס דו האָסט געהאַט אַזאַ גוטע וואַקאַציע . . .

— אויב אַזוי, דזשאָזעף, — האָט זי אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אויף דער שאַפע פון די וויין־גלעזער, געשיר, נעפּקינס, און צו די דזשאַרס מיט דזשעלי, — ווי איך זע, קאָן איך זיך אויף דיר מיט ליזע'ן פאַרלאָזן: וואו דענקסטו, זאָל איך פאָרן אין קאַנטרי פאַרן זומער? איך דאַרף זיך שוין אָנפאַנגען צו גרייטן . . .

# „סקרינאָ“

(הומאָרעסקע)

שוין גאַנץ לאַנג, ווי מיסטער שעק איז אַרבעטלאָז. ניט נאָר האָט ער שוין אויפגעגעסן זיינע קליידער, ביכער — נאָר אַפילע זיינע גאָלדענע ציין . . .

וועגן זיינע כּיוועס צו פּריינט און באַקאַנטע האָט זיך שוין גע־שאַפן אַ ווערטל: מיסטער שעק איז אַ באַקי אין „קאַפּיטאַל און אַר־בעט“. ס׳הייסט, ווען ער קריגט געבאָרגט אַ פּאָר דאָלער — איז דאָס „קאַפּיטאַל“, נאָר ווען אימיצער וויל דאָס ביי אים אויפמאָנען — איז דאָס שוין „אַרבעט“ . . . אוי, אַז אַרבעט!

אַזוי פלעגט ער זיך פאַרשולדיגן אין איין געגנט און זיך אַריינ־קלייבן אין אַ צווייטן.

איין טאָג, ווען ער איז שוין מיד געוואָרן אַ גאַנצן פּרימאָרגן פון זוכן אַרבעט, און — ערגעץ אַ באַקאַנטן, פון וועמען צו באָרגן אַ דאָ־לער אויף דורכשטופּן דעם טאָג — איז זיין שטימונג געוואָרן זייער קאַלעמוטנע, ווי דער רעגנדיגער וועטער אין דרויסן.

ער האָט באַשלאָסן פאַר די 10 סענט, וואָס ער האָט נאָך געהאַט אין קעשענע, אַריינצוגיין זען אַ מאָווי — אַנשטאָט אין אַ קאַפעט־טעריע עפּעס צו עסן.

מיטאַמאָל זיינען זיינע אויגן מיטגעריסן געוואָרן פון דער גרוי־סער רעקלאַמע איבערן טעאַטער: — „היינט — סקרינאָ; 250 אין דזשעק־פּאָט“.

מיסטער שעק ווייס גראָדע, וויפיל מאָס ליגן ס׳איז פאַראַן אין דער רעקלאַמע. ער ווייסט, אַז די „הון“ עסט אויף אַן אייגענער, און בלויז די „ביינדלעך“ וואַרפט מען־צו פאַר די נאַאיווע קאַסטימער.

ער האָט אָבער ניט אַרונטערגענומען זיינע אויגן פון דער רעק־לאַמע . . . זיין מויעך האָט גענומען רעכענען, וואָס ער וואָלט גע־טאָן, ווען ס׳זאָל יאָ פּאַסירן אַזאַ וואונדער און ער זאָל זיין דער „זאָכאַ באַגוירל“ (זוכה בגורל), געווינען דעם „דזשעק־פּאָט“.

דאָס מאָל האָט ער געטראַכט פון צאָלן כּיוועס די ערשטע זאַך. דאַן מוז ער האָבן אויף אַ כּוידעש רענט, אַ ווינטער־מאַנטל, באַצאָלן אַ „ראַטע“ אין דער „סאָסייעטי“, שיקן עטלעכע דאָלער דער מאַמען, און כאַטש פאַר עטלעכע דאָלער איינהאַנדלען דעפּענס־סטעמפּס. ער

האָט אַזוי גערעכנט, ביז זיין כעשבון האָט שוין דערגרייכט אין די הונ־דערטער, און אַזוי איז ער אײַנמיטן פון רעכענען צוגעגאַנגען, אוועקגע־לייגט זיין זילבערנעם 10 סענט שטיק, גענומען אַ בילעט מיט אַ סקרינאָ־קאַרטל און אַריין אין טעאַטער, זיך אַוועקגעזעצט קוקן אויף דעם בילד.

די שאָען זיינען געלאָפן, און ווען מ'האָט שוין ענדלעך אַנאָנסירט, אַז מ'פאַנגט אָן דרייען דאָס רעדל פאַר „סקרינאָ", האָט שוין מיס־טער שעק'ן גוט געדרייט דער קאָפּ — ווייל דער מאָגן האָט זיך שוין געדרייט: — וואו נעמט מען עסן?

אויף דער בינע איז געלאָפן דאָס רעדל; אין געדאַנק — די רע־כענונגען, און ווי אויטאָמאַטיש האָבן די פינגער געבויגן נומער נאָך נומער, און מיט אַמאָל גיט מיסטער שעק אַ שפּרינג־אויף—„סקרינאָ!"

מיסטער שעק האָט פון זיין געשריי זיך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין. אים האָט זיך אויסגעדוכט, ווי אַלע זיינען באַלעי־בויוועס האָבן דערהערט, אַלע ווייסן שוין — שעק'ן האָט געטראָפן אַ גליק; מיסטער שעק האָט געוואונען „דאָס גרויסע געווינס" . . .

ער האָט גיך צוגעשפּאַנט צו דער פּלאַטפאָרמע, וואַרפנדיג אויגן אויף אַלע זייטן. זיין האַרץ האָט שנעל גענומען קלאַפּן. ער האָט גענומען אויף גיך זיך איבערלייגן, וועלכן נומער אַרונטערצונעמען פון ברעטל.

מיט ציטערדיגע הענט האָט ער ענדלעך אַרונטערגענומען אַ בלע־טעל, געכאַפּט אויף גיך אַ קוק: איינס! — 1 דאָלער.

און נאָך איידער דער מאַן אויף דער פּלאַטפאָרמע האָט אַנאָנ־סירט שעק'ס „גרויסן געווינס", האָט זיך פון דער פּאַדערשטער ריי אַרויסגערוקט אַ מאַן, באַרירט שעק'ן זייער פאַרזיכטיג, און אים אַ זאָג געטאָן:

— שעק, איך וועל שוין באַלד אָנהויבן צו גלויבן אין ניסים. איך האָב בלויז אַ ניקל אין קעשענע... וועסט מיר איצט קאָנען אָפּגעבן מיין פינפערל . . . אַזוי איז באַלד צוגעקומען אַ צווייטער, אַ דריטער.

מיסטער שעק איז געשטאַנען אַ ווײַלע צעטומלט. נאָר ווי גיך ער האָט געקראָגן דעם גרויסן זילבערנעם דאָלער אין האַנט, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צום טיר אין דרויסן.

אַפּלויפנדיג עטלעכע גאַסן, האָט ער זיך באַרואיגט, אַריין אין אַ קאַפעטעריע, גענומען אַ סענדוויטש מיט אַ קאַפע, און זיצנדיג ביים טיש האָט ער זיך געכאַפּט, אַז: געוואונען האָט ער אַ דאָלער, נאָר אין טעאַטער האָט ער איבערגעלאָזט זיין קאַפּעליוש און רעגן־מאַנטל . . .

# אַ האָספּיטאַלער

(הומאָרעסקע)

דער האָספּיטאַלער, פּריינט בערג, איז זייער אַ סענטימענטאַלער, ווייכהאַרציגער מענטש, אַן עמעסער באַאַל־ראַכמים. טוט ווי עמיצן אַ צאָן, גייט פּריינט בערג אַרום מיט אַ קרומען פּאָנים. ליידט עמיצער פון הינער־אויגן — גייט פּריינט בערג אַרום און הינקט. און טאָמער, באַלילע, שטאַרבט ווער אין דער סאָסייעטי, דאַן קאָן מען זייער גרינג מאַכן אַ טאָעס און אַננעמען דעם האָספּיטאַלער פאַרן מעס . . .

אַז פּריינט בערג, דער האָספּיטאַלער, איז געקומען באַזוכן דעם קראַנקן מיטגליד פּיינגאָלד, האָט דער קראַנקער זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן קאָפּ:

— וואָס איז אייך, פּריינט בערג? איר פילט זיך ניט גוט?

דער קראַנקער פּיינגאָלד האָט גלייך געבעטן זיין פרוי אַריינצו־ברענגען וואַסער, און אַנגעוויזן דעם האָספּיטאַלער זיך צו זעצן אין ווינ־שטול ביים פענצטער און כאַפּן אַביסל לופט.

ווען פּריינט בערג, דער האָספּיטאַלער, איז אַ ביסל צו־זיך געקו־מען, האָט ער גענומען באַטראַכטן דעם כוילע, און דערביי געקרעכצט:

— ווי איז מיר, איר זעט דאָך אויס נאָך ערגער, ווי מ'האָט מיר דערציילט. אַ טויטער אָפּן שלאַכטפעלד זעט דאָך אויס בעסער פון אייך.

ער, פּריינט בערג, האָט פאַרבראַכן די הענט און ווידער געערדט מיט גרויס ראַכמאָנעס:

— איר מוזט דורכמאַכן געפערלעכע ווייטאָגן. מ'קאָן דאָס לייענען אויף אייער פּאָנים. ווי לאַנג ליגט איר שוין? פיר וואָכן? אַ זייטיגער קאָן מיינען, אַז איר זענט אַן אינוואַליד פאַר די לעצטע צוואַנציג יאָר. אוי, אוי, וואָס פון אַ מענטשן קאָן דאָס אַלץ ווערן!

פּריינט בערג ווישט אויס אַ פּאָר צעקראָכענע טרערן פון זיינע אויגן, און צעגיסט ווידער זיין ראַכמאָנעס:

— אַלבעטשי, ווען איר שטאַרבט, וואָלט אייך שוין גרינגער געווען.

דער קראַנקער ניט אַ קראַנקן שמייכל:

— נעווים איז אַ טויטן גרינגער. אַ טויטער קרעכצט קיינמאָל ניט. איז דאָך אַ סימען, אַז ס'איז אים גוט . . .

פריינט בערג כאַפּט זיך, אַז דער קראַנקער מאַכט שפּאַס, אָבער ער וויל ניט דערלאָזן צו דעם. ער ווייס, אַז מיט אַ קראַנקן דאַרף מען ניט שפּאַסן. ליגט ער צו זיין האַנט צו פיינגאָלד'ס שטערן:

— איך פאַרשטיי, איר האָט היץ, און אין היץ רעדט זיך אַליין. אָבער זאָרגט אייך ניט, אויב איר וועט דורכקומען די קרענק, וועט איר אויך דורכקומען די היץ. פאַרשטייט זיך, מ'דאַרף האָבן קויעך דורכצוטראָגן אַזאַ שוואַכקייט. ניט פאַר אייך געדאַכט, מיסטער גוט־מאַן, איז פון אַזאַ קראַנקהייט געגאַנגען אויף דער צווייטער וואָך . . .

דער קראַנקער גיט זיך אַ צאַפּל אין בעט און וויל וואָס זאָגן, אָבער דער האָספּיטאַלער כליפּעט אַרויס:

— רעדט ניט, רעדט ניט, איך זע, ווי שווער ס'איז אייך. ווי עס ווייזט אויס, האָט איר נאָך קאַדאַכעס אויך צו אַלע צאָרעס. ווי איז מיר!

דער קראַנקער גיט זיך ווידער אַ וואָרף פון קאָפּ, נאָר פריינט בערג שאָקלט־צו מיטן קאָפּ:

— יאָ, יאָ, ס'איז קאַדאַכעס. אַזוי וואָרפט אַ מענטשן איז קאַדאַכעס.

ווען דער האָספּיטאַלער, פריינט בערג, איז אַוועק אַהיים נאָך צוויי שאָ טרייסטן און ראַכמאָנעס־האָבן אויף זיין לאַנדסמאַן און סאָסייעטי־פריינט, איז דער קראַנקער איינגעשלאָפן. און אין שלאָף האָט ער געשריען צו זיין פרוי: „מ'מוז מעוואַקער־בוילע זיין אונזער האָספּיטאַלער. ער איז נעבעך זייער, זייער שוואַך . . . מ'מוז גלייך שיקן דעם האָספּיטאַלער אין האָספּיטאַל" . . .

# צו וואָס „א נערוועזיטעט״

(מאנאלאג)

— כיי לייטן קינדער, — טאַינע איך צו מיינער — גייען ארוים עפּעס פאַרדינען: איז מיט אייז־קרים, סאָדע־וואַסער, צייטונגען, פּינאַטס — און אז אפילו פּוצן שיך איז וואָס? — אַנדערע לויפן מיט א מעסעדזש, צי רופן צום טעלעפאָן אין קענדי־סטאָר, אבי ברענגען אין הויז א פאַרדינטן סענט.

לאַכט זי פון מיר און זאָגט: ערשטנס, איז נאָך מיין באַנק־ביכל מיט א היפּשן בייכל; צווייטנס, וועל איך באַגיין א פאַרברעכן געגן דעם „טשאַילד־לעיבאָר" געזעץ, און אויב ס'איז נאָך ניטאָ אזא געזעץ — מאַכט זי — איז ווידער א פאַרברעכן: ס'הייסט, געוואָלדעוועט זי — „עקספּלאַדירן" קליינע קינדער!

ווי זאָגט איר, „עקספּלואַטירן"? זאָל זיין ווי איר זאָגט, וואָס איז דער אונטערשייד? איר וועט דאָך אָבער צוגעבן, אז קינדער דאַרף מען ניט צעלאָזן; קינדער דאַרפן האָבן א יאָך, דאַרפן זיך אויסלערנען מאַכן א דאָלער. וואָס מ'לערנט ניט ווייס מען ניט. צעלאַכט זי זיך: וואָס איז איר „נאַרגומענט"; זאָל זיין ווי איר זאָגט „אַרגומענט", אָבער זי גיט מיר גלייך אן ארגימענט, געוויס דאַרף מען קינדער לערנען. און די פראַגע איז אויך: וואו און וואָס? אונזערע קינדער — מאַכט זי — דאַרפן אויסוואַקסן קליגער און בעסער ווי מיר, ס'הייסט ווי איך. זיי דאַרפן, — זאָגט זי — גיין אין ארבעטער „נעווערזיטעט". האָ? ניט ריכטיג? אוּ־ני־ווער־סי־טעט רופט איר דאָס — זאָל זיין ווי איך געפעלט, אָבער אז מ'קאָן לעבן אָן דעם, וועט איר דאָך צוגעבן. זעט איר: א בראָכע מאַכן, קאַדיש זאָגן מוז א קינד וויסן, אָבער ס'שטייט ערגעץ ניט אין סייפער־פּראַלניק, אז קינדער מוזן גיין אין „נערוועזיטעט".

אָט נעמט אויף טשיקאַוועסט אונזער לאַנדסמאַן אייזיקל'ען. דאַכט זיך ניט געלערנט, ניט געגאַנגען אין „נערוועזיטעט", פונדעסטוועגן קען ער אריינגיין מיט זיין טשעק־ביכל אין א וועלכער ניט איז באַנק; גיט א פּאַטשקע־אונטער א ציילעמל און קריגט קעש. הייסט, אויף טשיקאַוועסט, אריינגיין אין דער זעלבער

באַנק דעם צווייטן לאַנדסמאַן אונזערן, אַט־דער וואָס מאַזשגעט אין די צייטונגען, איר קענט דאָך אים, איציק דער שרייבער, אַט־דער, וואָס שרייבט „סאָנגס", — אַ מאַקע וועט ער קריגן.

זיין ווייב זאָגט מיר: זי האָט פון אים צו זינגען און צו זאָגן. אַפילו אויף בארגן געלט אין אַ באַנק, מאַכט זי, מוז זי קריגן צוויי פּרעמדע גוט־זאָגער. ער, מיט זיין גאַנצן שרייבן, לאַכט זי, קאָן קריגן אין אַ באַנק גרינגע קלעק־פּאַפּיר, אָבער ניט קיין גרינגע בילעטן.

יע, מיין פריינט, היינטיגע צייטן באַצאָלט זיך נאָך ניט צו זיין אַ „טעלעג־ענטישער" מענטש.

אַט בין איך אַרויף צוזאַמען מיט דאַווידלען אין אַ שאַפּ אַרבעטן, פרעגט מיך דער באָס, צי איך קען רעכענען, ווייל ער צאָלט אַ סענט מיט אַ האַלב מיט נאָך עפּעס פאַר אַ נאָט. זאָג איך: איך בין אַן אָפּע־רעיטאָר — בין איך, און די בוכקיפּערן, זאָג איך, איז אַ בוכקיפּערן. מיין אַרבעט, מאַך איך, איז נייען נאָטן, און איר אַרבעט — איז רע־כענען.

גיט דער באָס מיר אַ קלאַפּ אין פּלייצע: פיין! אַט אַזאַ אַרבע־טער — מאַכט ער — האָב איך ליב.

דאַווידל, זאָגט ווידער דעם באָס, אַז ער האָט געלערנט „אַפּיר־מעטיק" ווי וואָסער. וואָס זאָגט איר? אַ, אַריפמעטיק דאַרף מען זאָגן — זאָל זיין אַזוי, וואָס איז דען דער אונטערשייד? אָבער אוועק־געשיקט האָט ער אים. מיין באָס האָט פיינט אַן אַרבעטער, וואָס קאָן רעכענען. א י י ן בוכקיפּער, שפּאַסט ער, איז גענוג פאַר אים.

מ י י נ ע טאַינעט, ביי־התהי־וועי, אַז די בוכקיפּערס שטאַרבן אויך פון הונגער, אַזוי ווי די אָפּערעיטאָרס, און דעריבער דאַרפן סיי די אָפּערעיטאָרס, סיי די בוכקיפּערס, סטראַגלען פאַר קאַנדישאַנס. און אַז איך זאָג איר, אַז היינטיגע צייטן קאָן מען זיך ניט פאַרלאָזן אויף איין טרעיד, נאָר אַנשטאַט לערנען דאַרפן אַלע טאָן ווי איך: אונטער־פּעדלען אין די אָוונטן, שאַבעס און זונטאָג אַרבעטן אין אַ צווייטן שאַפּ, לאַכט זי מיך אויס. אַ מענטש, זאָגט זי, איז אַ מענטש, און אַ פערד איז אַ פערד . . .

קינדער, טאַינעט זי, דאַרפן ווערן מענטשן, מוזן זיי לערנען, און גרויסע, מאַכט זי, זיינען אויך ניט קראַנק צו לערנען! אַלע דאַרפן גיין אין „נערוועזיטעט": ווער עס וויל לערנט זיך שרייבן, לייענען, אַנדערע לערנען „וויצנשאַפט", פּיסכאַלאָגיע". ש ו י ן , איר האָט מיך שוין ווידער געכאַפּט ביי אַ גרייז. ט אַ זאָל זיין פּסי־כאָ־לאָגיע. וויסנשאַפט, ווי איר ווילט.

יאָ, מאַכט זי ווייטער, מיין אידענע, און אַז מ'וויל קאָן מען זיך אויך לערנען פאַר אַ „דעמאַגאָג".

איר לאַכט שוין ווידער! וואָס ווידער געמאַכט אַ בולבע? פּע־דאַ־גאָג? נו, און אַז פּעדאַגאָג איז שוין בעסער? זאָל זיין ווי איך געפעלט.

איר ווייסט, איר זענט געראָטן אין מיין באָס. יעדן שטאָך ברענגט ער מיר צוריק: ס'איז ניט גוט, ס'איז ניט ריכטיג, ראָק פּיקס אים.

וואָס זאָגט איר, אַז דאָס קינד וועט קאָנען „פּייסאָכלאָגי" און „פּידראַגאָגי", וועט זי זיין אַ „טעלעגיענטער" מענטש, און — וואָס? איר ברענגט מיר שוין ווידער צו פּיקסן די אַרבעט? . . . אַבי איר פאַרשטייט וואָס איך מיין, מאַכט דאָס איבער פאַר אייך ווי איר ווילט.

מיינע לאַכט אויך פון מיר. זי זאָגט, אַז איך מאַך פון דער שפּראַך ווי די נאַציס מאַכן פון די אידן — קריפּלס . . .

הערט נאָר, איר האָט דאָך געוויס געהערט פון דעם מיסטער וויינשטיין דעם שטערנזעער, אַט־דער, וואָס קריכט אין די הימלען. וואָס? א י י נ ש ט י י ן? יאָ, אים מיין איך טאַקע — דעם פּראָפעסער איינשטיין. זאָגט מיר נאָר, קאָן אַט־דער מר. איינשטיין קריגן אַזאַ דזשאָב, און מאַכן טויזנטער ווי אַ ליאַדע קאָנטראַקטער אפילע? מיר דאַכט זיך, אַז מיין באָסעס סייף קאָן איינשלינגען דעם גאַנצן פּראָפּרעסער וויינשטיין . . . — כ'מיין איינשטיין, מיט זיינע אַלע הימלען און שטערן.

אַדער נעמט טאַקע אַזאַ מיסטער פאָרד. ער פאָרט אין דער בעסטער „שעווראָלייקע", און די אַלע פּראָפעסאָרן און די טראַכטערס און שרייבערס גייען צופוס מיט די הינער־אויגן אין דרויסן . . .

איר זאָגט מיר נאָר, איך בעט אייך, איר גיט אייערע קינדער צו לערנען פאַר אַ „דעמאַגאָג", איך מיין „פּעדראַדאָג?"

איך זאָג אייך, דער „נערוועזיטעט" מאַכט מיר נערוועז. עס וועלן זיין מאָרדן, איך וועל דערהאַרגענען מיין ווייב מיט די קינדער, פּונקט ווי זייערע „פּיסכאָ־לאָג" מיטן „דעמאַדאָג" דערהאַרגענען מיך...

איר טאַינעט פּונקט ווי מיין ווייב, צוואָס זאָגט זי, זאָל איך שטיין ווי אַ הון ביים ברעג, און די קאַטשקעס זאָלן שווימען? אויב שווימען — איז צוזאַמען! גרינג צו רעדן שווימען, איר וועט אַר־בעטן פאַר מיר די אָווערטאַיםס? איר וועט פּעדלען? איר וועט אַר־בעטן שאַבעס און זונטאָג?

# אַלע ווי איינער!

(איינאַקטער) *

## פ ע ר ז אָ נ ע ן :

טאַטע
מאַמע
מאַרטין — סאַלדאַט
דאָראָטי — רעד־קראָס נוירס
ערשטער גאַסט
צווייטער גאַסט
דריטער גאַסט
פערטער גאַסט
פינפטער גאַסט
ראָוז
געסט

ס'איז אַ הויז־פּאַרטי, לעקאַוועד מאַרטין דעם סאַלדאַט, וועלכער איז געקומען צו־גאַסט און פּאַרט אַוועק, ווער ווייס ווי אויף לאַנג?

דאָס הויז איז דעקאָרירט מיט פאַנען פון די לענדער, וועלכע קעמפן פאַר פרייהייט. אויף די ווענט זעען זיך אַן בילדער פון קריג־פירער און נאַציאָנאַלע העלדן, וואָס זיינען אויסגעשפּראָכן אין זייער קאַמף געגן נאַציזם, פאַשיזם און אַנטיסעמיטיזם.

אין מיטן הויז שטייט אַ טיש ארומגערינגלט מיט שטולן. אַפן טיש — פאַרשיידענע פרוכטן, פלעשלעך ווייַן, טאָרטן,

* אַלע לידער צום איינאַקטער געפינען זיך אין דער אָפּטיילונג „זינגען מיר".

ניס. אינמיטן פון טיש שטייט א רונדער טארט, מיט א בילד פון מארטינען אין זיין אוניפארם.

**מאמע:**

(לויפט ארום מיט נערוועזיטעט ארום טיש, צעלייגט גאפל-מעסער, סערוועטקעס) ווי איז מיר, וואו זיינען זיי שוין? געקומען אויף א פאר טעג בלויז, און 3 כאראשים זע איך אים ניט אז. (ווישט א טרער) זאל דאס באטש ניט זיין דאס לעצטע מאל.

**טאטע:**

(אז עלטערער איד, אביסל איינגעהויקערט, טראגט אריין צוויי שטולן) נו, שוין צוגענומען די שטולן ביי אלע שכיינים.

**מאמע:**

ווי איז מיר, זיי וועלן דאך ניט האבן אויף וואס צו זיצן.

**טאטע:**

נו, וועלן זיי שטיין. איצט איז א צייט ווען אלע דארפן שטיין . . . אויב מיר ווילן ניט ליגן פאר דער צייט אין דר'ערד. יא, יא, מיר מוזן אלע שטיין פאר אונזער רעכט, סיי אלס איד און סיי אלס מענטש. איצט זיצן און שנארכען ביי דער ראדיא — איז גלאט פאסקודנע. ס'ברענט דאך די וועלט. די וועלט!

**מאמע:**

האסטו זיי באטש געבעטן אריינצוקומען?

**טאטע:**

זיי וועלן קומען! זיי וועלן קומען! אלע שכיינים האבן ליב אונזער מוישעלען ווי זייער אייגן קינד. דו ווייסט, ראזענטאלס איטשל איז אוועק און זיך אליין פארשריבן אלס א מאטראס, און אז די מיסעס ראזענטאל האט זיך צעוויינט, האט ער איר גע-ענטפערט פראסט און פאשעט: איך וויל בעסער זיין א מאט-ראס אויף א שיף ווי א פליכטלינג . . . פארשטייסט שוין, די יונגע אויגעלעך זעען אביסל ווייטער פון אונזערע. ס'ברענט דאך די וועלט, די וועלט!

**מאמע:**

איין זאך וואלט איך נאך וועלן זען מיט מיינע אלטע אויגן, —

אַז היטלער זאָל סערווירן אין אַ רעסטאָראַן ספּאַגעטי; מוסאָלי־
ני — זויער־קרויט מיט וואָרשטלעך און דער מיקאַדאָ זאָל פירן
אין קוני־איילאַנד אַ וועגעלע אַפּן באָרדוואָק.

**טאַטע:**

(צעלאַכט זיך) אויך מיר אַ שטראָף פאַר אַזעלכע הינט.

**מאַמע:**

איך מיין, אַז זיי זאָלן דאַרפן פירן און סערווירן פאַר אידן,
וועלן זיי קריגן די פּאָפּלעקציע נאָך איידער זיי וועלן קריגן דעם
טויט . . .

(ביידע צעלאַכן זיך. עס קלינגט דאָס גלעקל, ביידע לויפן
עפענען. עס קומט אַריין אַ גרופּע באָכערים, מיידלעך און על־
טערע מענטשן, צווישן זיי, מאַרטין אין אַ אוניפאָרם. מאַמע
פאַלט אים אויפן האַלז, טאַטע קושט אים און דריקט אים צו
זיך. אַלע ווערן גערירט ביז טרערן.)

**טאַטע:**

(קומט צו זיך) אַ געזונט אויף דיר, דו זעסט דאָך אויס ווי אַ
גענעראַל, גאָר ניט ווי אַ סאָלדאַט. (נעמט אויסגלעטן דעם
אוניפאָרם אויף אים, פּראָבירט פּאַסן דעם אַרבל אין אַקסל, ווי
אַ שניידער אויף אַ פיגור.)

**מאַמע:**

אַ גאַנצן טאָג דיר ניט אָנגעזען, קום זעץ זיך, זונעלע. (כאַפּט
אַראָפּ זיין סאָלדאַטסקע היטל און וואַרפט זי אַרויף אויפן
טאַטנ'ס קאָפּ, מיטן דאַשעק צום הינטן, טוט אויך אויס זיין
אויבערמאַנטל און ווייזט אים אַן אויף אַ שטול לעבן טיש.)

**טאַטע:**

(נעמט צו דעם מאַנטל, טוט אים אָן, מאַרשירט ווי אַ סאָלדאַט
אין צווייטן צימער אַריין) איך פיל, אַז איך וואָלט נאָך אויך
געטויגט פאַר אַ סאָלדאַט.

**מאַמע:**

נו, יאָ, אַז נאָט וויל שיסט אַ בעזים און דו — אַ שיסער.

(אַלע צעלאַכן זיך. מאַמע זעצט אויס די געסט. אַלע
רעדן צווישן זיך.)

**ערשטער גאַסט:**

(צו מארטינעז) נו, איצט פארשטייסטו שוין פארוואס מיר האבן דיר ארומגעפירט?

**מאַמע:**

(צו מארטינעז) דאס איז געווען דיין דאראטי'ס איינפאל.

**צווייטער גאַסט:**

(ווייזנדיג אויף מארטינעז) ווי איך האב דאס אים געפירט א גאנצן טאג אין באד אריין. פון איין זייט — ער זאל מיר ניט פארלארן גיין, און פון דער צווייטער זייט — ער זאל זיך ניט דערוויסן.

**מאַרטין:**

(לאכט) דענקט ניט, אז איך בין געווען אזא יאלד. איך האב פארשטאנען אז עפעס דרייט איר מיר א היטל. נאר געמיינט האב איך, ס'איז עפעס א פארטי פאר מיין דאראטי'ן. (צו דער מאמע) מאמע, וואו איז דאראטי? איז זי נאך ניט געקומען? דו ווייסט דאך, אז צו לאנג קאן איך דא ניט זיין. 12 אזייגער פארלאזט די באן.

**מאַמע:**

(גלעט אים) זי־וועט קומען! זי האט מיר געהאלפן דאס אלץ צוגרייטן, און איצט איז זי אוועק זיך איבערטאן.

**דריטער גאַסט:**

(שטעלט זיך אויף) רואיג, פריינט, רואיג. די ערשטע זאך וועלן מיר זינגען די הימנע פון אונזער לאנד, וועלכע שטייט אין דעם קאמף פאר א פרייער וועלט.

(עס ווערט שטיל. אלע שטעלן זיך אויף. איינער פירט אן מיטן געזאנג און אלע זינגען־מיט די הימנע. טאטע קומט אריין אפלאדירנדיג.)

**דריטער גאַסט:**

(ווענדט זיך צום טאטן) מיר וועלן דאס ערשטע הערן וואס האט צו זאגן דער טאטע צום היינטיגן אוונט?

**טאַטע:**

(מוטיג) גאר א סאך, קינדערלעך, גאר א סאך. הערט, (אלע

קוקן צו אים) זונעלע, אַ קינד ביי מיר איז די רעכטע האַנט, ס'איז בלוט פון מיין בלוט. איך ווייס אָבער איין זאַך: ווען איך בין אַהער אָנגעקומען אַלס גרינער, איז מיר נאָכגעלאָפן אַ יונגאַטש און געמאַכט כוויזעק פון מיר. אָבער דאָס איז נאָך גאָרנים, ער נעמט גאָר קריכן צו מיין גרינער בערדל. וואָס זאָל איך אייך זאָגן? איך האָב מיר אַ צי אויס געטאָן מיין האַנט (ווייזט ווי אַזוי) און דערלאַנגט אים אַ שאָלעם-אַליכעם אין מאָרדע אַריין . . . אַזש ער האָט זיך אָוועקגעלייגט ווי אַ באָק־סער. מיינט איר, אַז מיין האַנט האָט מיר ניט ווי נעטאָן? איך האָב גלייך געוואוסט, אַז איך שיק מיין האַנט כאַפּן אַ קלאַפּ, אָבער דער געדאַנק האָט מיר געזאָגט: דו ביזט שולדיג אַ הונט אַ כויוו — באַצאָל! אַז ניט, וועט ער דיר דיינע פּאָלעם אָפּרייסן . . . איר פאַרשטייט, קינדער? (אָלע אַפּלאָדירן). ער נעמט אַ גלעזל אין האַנט אַריין) קינדערלעך, פּאַר אַ זיגן און דו, מוישעלע, מיין קינד, זאָג זיי: צו יעדער צייט, ווען מ'וועט מיר דאַרפן, בין איך גרייט. איז ניט קיין סאָלדאַט — איז אַ כעוורע־קאַדישע מאַן. באַגראָבן היטלערקען וועל איך קאָנען!

**אָלע:**

בראַוואָ! (אַפּלאָדירן)

**דריטער גאַסט:**

איצט וועט איינע פון אונזערע פריינדינעס עפּעס זינגען פאַר אונז — ראָוז.

**ראָוז:**

(פאַרנייגט זיך) איך בין ניט קיין פּראָפעסיאָנעלע זינגערן, נאָר אויב איר וועט מיר העלפן, וועל איך פּרובירן עפּעס זינגען (זי גיט אַ טאָן) איז אייך באַקאַנט די מעלאָדיע? וועלן מיר זינגען: „פון קריג צום זיג".

(אָלע זינגען. מאַרטין קוקט אומרואיג צום טיר. ווען זי ענדיגט זינגען, אַפּלאָדירן איר אָלע און פאַרלאַנגען נאָך. זי זינגט נאָך לידער.)

**דריטער גאַסט:**

איצט כאַפּט אַ ביים, און ווער עס האָט אַ גוטן וויץ — דער־ציילט.

**פערטער גאַסט:**

(מאַכט זיך שעמעוודיג) איך האָב אַ וויץ. אויב איר וועט ניט לאַכן פון מיר, וועל איך אייך דערציילן.

**אַלע:**

(צעלאַכן זיך) נוט.

**פערטער גאַסט:**

אין יארקוויל קומט אריין אַ ריינער שמוציגער אריער אין אַ אידישער גראָסערי־סטאָר און טרינקט אויס זעקס פלאַש ביר. בעט דער גראָסערימאַן באַצאָלט. זאָגט דער אריער: איך וועל אָפּגעבן, איך וועל אָפּגעבן, און אַזוי רייזנדיג האָט ער גענומען „אָפּגעבן" . . . שטייט דערביי אַ סיילעסמאַן, זאָגט ער: איר זעט שוין, אידן, אַז די נאַציס זיינען גאָר ניט אַזוי שלעכט, ווי עס זאָל ניט זיין — פריער־שפּעטער, זיי גיבן צוריק . . .

(אַלע צעלאַכן זיך)

(מאַמע כאַפּט זיך ארויס אין קיך און קומט צוריק, ווינקט צו די מיידלעך און ווייזט זיי אַז צום קיך, וועגן אַ טעלעפאָן־רוף. אַ פּאָר געסט גייען אריין אין קיך.)

**מאַרטין:**

(רופט צו דער מאַמען) וואָס קאָן דאָס זיין, וואָס דאָראָטי איז נאָך ניטאָ?

**מאַמע:**

זונעלע, זי האָט אָפּגערופן, אַז זי וועט באַלד זיין.

**פינפטער גאַסט:**

נו, אויב אַזוי, הערט שוין אויך מיינס אַ וויץ. איר הערט? היטלער האָט צוגעשטעלט אַז אָרדער צו איינעם פון זיינע פריינט. דער פריינט האָט געקראָגן דעם אָרדער, צעעפנט ער און דערזעט, אַז אַלץ איז געמאַכט פון ערזאַץ. טראַכט ער ניט קיין סאַך, גיט אַ קוק אויף דעם סאָד־האָקל, פּאַקט איין אַ פּעקל מיט פאַלשע אָסיגנאַציעס און שיקט עס אָפּ צו היטלער'ן, קעגן פאַרן אָרדער, מיט אַ קורצן בריוועלע צוגעשפּילעט: העיל היטלער, אַ דאַנק. די צייט וואָס מיר זיינען מיט די נאַציס האָט אויך אונזער לאַנד געלערנט די טעכניק פון דייטשלאַנד און דאָס איז אונזער ערשטער פּרואוו: צו שאַפן אויך ערזאַץ־געלט.

(געלעכטער)

**דריטער גאַסט:**
בעוורע, עסט, טרינקט, אָבער איך וועל אַנגיין מיט מיין פּראָג־ראַם, ווייל ס'ווערט שפּעט און פּרייוועט מאַרטין דאַרף נאָך היינט גיין צו דער באַז. (די פּרויעז סוידעז זיך) הערט אויף זי צו שושקען, הערט בעסער אַ גוט וואָרט פון אונזער ליבער מאַמע. (אַלע אַפּלאָדירן)

**מאַמע:**
(ווישט זיך אויס אַ טרער) קינדערלעך, אַז איך גיב אַוועק אַזאַ זון, איז שלעכט? און וויפיל סוועטערס און זאָקן האָב איך שוין געמאַכט פאַר די סאָלדאַטן. איך וויל מער ניט, מ'זאָל מיר ברענגען אייןביינדעלע פון היטלער'ן פאַר אַ זייבער, פאַר אַ „גוד לאַק". און איר מיינט, אַז איך בין ניט גרייט צו געבן בלוט, יאָ, מיין בלוט, אויב ס'איז נאָר גוט. איך וועל אייך זאָגן דעם עמעס, אַז פאַר די לעצטע פאַר וואָכן טרינק איך עקס־טרע טאָמייטאָ דזשוס, און ב'האָב אָנגעפאַנגען צוריק צו עסן פּאָמפּערניקל, זאָל נאָר גאָט געבן עס זאָל פון דעם ווערן בלוט. זונעלע, (זי נעמט אים ארום) איין זאַך קרענקט מיר נאָר, וואָס דאָראָטי וועט דאַרפן בלייבן אַליין. שרייב אָפט, זי זאָל ניט דאַרפן אויסוויינען אירע אויגן.

**דאָראָטי:**
(לויפט אריין, אָנגעטאָן אַלס רעד־קראָס נוירס) מאַמע, טאַטע, פריינט (כאַפּט אַרום מוישעלען, זיין מאַמען מיטן טאַטן) דאָס האָב איך געוואַרט אויף מיין אוניפאָרם. איך פאָר אויך. ניט וויינען זאָלט איר מיינע פריינט. נאָר קעמפן. זעט אַ מוסטער פון אַ קעמפער. (נעמט ארויס אַ „קליפּינג" פון קעשענע) הערט ווי אַ מאַמע רעדט וועגן איר קינד אויפן סאָוועטישן פראָנט. (זי לייענט): „זאָל קיינער פון אייך, קומענדיגע מוטערס און פאָטערס, ניט וויסן אַזאַ ווייטאָג, ווי איך האָב איבערגעלעבט, אָבער איך זאָג אייך, איך פיל זיך שטאָלץ פאַר מיין טאָכטער. מיר זיינען געווען נאָענטע פריינט צווישן זיך, זי האָט מיר געהאָלפן איבערטראָגן די גרעסטע שוועריקייטן. און אין איין טאָג קומט זי צו מיר און זאָגט מיר אַז: „איך גיי אויפן פראָנט". טרערן האָבן אָנגעפילט מיינע אויגן ביים גע־דאַנק, אַז מיין איינציג קינד, מיין יונגע טאָכטער, וויל אוועק־

גיין אין שלאכט. זאיא האט מיר אבער פארגעווארפן: „וואס וויינסטו, מאמע, האסטו מיך דען שטענדיג ניט געלערנט צו זיין ערלעך און בראוו? איך בין שטאלץ מיט דער מעגלעכ־קייט צו באקעמפן די פאשיסטן און דו דארפסט זיין שטאלץ, וואס איך גיי אויפן פראנט".

„זי האט מיך בלויז געלאזן צו באגלייטן זי צום טראמוואי און איז אוועק. און איך האב מער פון איר ניט געהערט. ווען איך האב פון די צייטונגען זיך דערוואוסט וועגן דער העלדיש־קייט פון „טאניע'ן" און מענטשן האבן באוואונדערט „טאניע'ן", איז מיר אפילו ניט איינגעפאלן, אז דאס איז מיין זאיא. אבער איצט, אז איך ווייס, איז מיין הארץ טיף פארוואונדעט, אבער איך בין שטאלץ דערמיט, וואס מיין טאכטער האט אפגעגעבן איר לעבן פאר א גרויסער זאך און איז פארבליבן ערלעך און בראוו ביזן סאף. מיין זאיא איז געגאנגען דעם טויט אנטקעגן ווי אן עמעסער קעמפער, ווי א קאמוניסט.

„און מיין טרייסט איז: ניט נאר איך וועל זי קיינמאל ניט פארגעסן, זי וועט לעבן אייביג אויך אין אייערע הערצער און דינען ווי א מוסטער פאר אונזער גאנצער יוגנט.

„כאווײרים, פארשאלטן זאלן ווערן די נאצישע מערדער און בלוט־זויגער! איך ווייס און איך האף: איר וועט זיי באצאלן ווי זיי קומט . . . איך ווייס: דער פאשיזם וועט אויסגע־ראטן ווערן איינמאל פאר אלע מאל. אבער ווי א מוטער, וואס האט פארלוירן איר איינציג באליבט קינד, אפעליר איך צו אייך: איילט זיך אפצורעכענען זיך אויך פאר מיין זאיע'ן, באצאלט די פייניגער און די הענקער פון מייז קינד און פון אלע אומגעבראכטע קינדער. איך כאזער איבער מיין זאיע'ס אומ־פארגעסלעכע ווערטער:

„זייט בראוו, קעמפט געגן די דייטשן! א טויט די נא־צישע הענקער!"

(זי ווישט אוים א טרער.)

אזא טאט האט מיר באגייסטערט, דאס האט מיר אינספי־רירט. אזעלכע העלדן קאנען ניט פארלירן. אויך מיר דא.

מוזן ווייזן העלדישקייט אין קאַמף פאַר אונזער לאַנד און פרייַ־הייט, דערפאַר האָב איך באַשלאָסן, איך גיי אויך!

(די מאַמע כאַפּט איר אַרום, צעוויינט זיך שטאַרק. דאָראַ־טי פאַנגט אָן זינגען: „מיר געדענקען פּוירל האַרבאַר״. אַלע העלפן מיט.)

**מאַמע:**

(באַרואיגט זיך) נו, איך וועל דיר עפּעס אַרייַנברענגען פון קיך. (גייט אַרויס און ברענגט איר אַריין אַ גלאָז טיי.)

**דריטער גאַסט:**

נו, כעוורע, זעצט זיך, מיר וועלן איצט הערן אַ וואָרט פון אונ־זער מאַרטין. מוישל, נו, האָסט דאָס וואָרט. (מאַרטין שטעלט זיך אויף, אַלע אַפּלאָדירן, וואַרפן דורך אַ פּאָר טענער פון „יאַשקע פאַרט אַוועק״.)

**מאַרטין:**

פריינט, עס זעט אויס, אַז אַ סאַך פון אייך זיינען זייער כאַ־זאַרגט. מיין זאָרג איז הייַנט־צו־טאָג איין זאַך: טרעפן אין ציל, אין האַרצן פון סוינע, וועלכער וויל אומברענגען אַ וועלט. מיר האָבן געהוקט דעם זייגער איצט אַ שאַ פאַראויס — מיל־כאָמע צייט; אַ שאָ מער ליכט. די אַקס־קויבעס ווילן רוקן דעם זייגער אויף טויזנט יאָר צוריק — שאַפן מער פינצטערניש. מיר וועלן דעם סוינע צעטרעטן, ווי מ׳צעטרעט אַ קליין יאַפּאַנעזיש זשוקעלע. אויף איין זאַך האָף איך: ווען איך וועל צוריקקומען זאָל איך אויך טרעפן מיין ליבע דאָראָטי. (פאַלט איר אויפן האַלז) פאַרגעס מיר ניט! ווען דו וועסט באַנדאַזשירן אַ וואונד ערגעץ פון אונזערע מיטקעמפער, געדענק טייערע, זע אין זיין האַנט מיין האַנט. טרייסט אים, דערמוטיק אים, ווייל זיין האַנט און אַלע הענט מיט אונז זיינען פון איין קערפּער, מיט איין גייסט, אין קאַמף געגן נאַציזם, פאַשיזם און אַנטי־סעמיטיזם — אַלע ווי איינער!

(אַלע אַפּלאָדירן. טאַטע־מאַמע ווישן זיך די אויגן.)

**דריטער גאַסט:**

(קוקט אויפן זייגער) כעוורע, ס׳ווערט שוין שפּעט. (גיט אַ מאַך מיט דער האַנט צו צוויי פון די געסט) גייט, גרייט צו

זייגע זאַכן, ווייל ס׳איז שוין באַלד צייט צו גיין. (די צוויי גייען אָפּ.)

**מאַרטין:**

(נעמט אַ גלעזל מיט וויין אין איין האַנט און מיט דער צווייטער נעמט ער אַרום דאַראָטי׳ן) נו, כעוורע, נעמט נאָך צו ביסלעך. פּאַר אַ זייג! (טרינקט אויס. נעמט דאַראָטי׳ס האַנט און זינגט. ווען ער האַלט אין ענדיגן דעם לעצטן פּערז, שטעלט ער זיך אויף מיט איר, דריקט איר קאָפּ צו זיך. פון צווייטן צימער טראָגט מען אַריין דאָס פּעקל. טאַטע־מאַמע צעכליפּען זיך. דאַראָטי ברעכט גלייך איבער די שטימונג, פאַרמעסט זיך ווי צו פירן אַ מאַרש און נעמט ווידער זינגען: „מיר געדענקען פּוירל האַרבאָר". אַלע זינגען מיט.)

**(סאָף)**

# פאַרטיזאַנען

## (אַ סצענע אויפן סאָוועטיש-דייטשן פראָנט)

### פערזאָנען:

**פראַנץ** — דייטשער קאַרפּאָראַל.
(א פארביסענער נאצי)

**אַלפרעד** — דייטשער סאָלדאַט.
(געהארכזאמער נאצי־שקלאף)

**כאַיעם-מוישע** — געפאַנגענער סאָוועטישער פּאַרטיזאַן.
(אין די 40־טער יארן)

**גרופּע פּאַרטיזאַנען.**

(די סצענע קומט פאר אין א דארפיש־הויז, וואס איז צע־שטערט געווארן אין צייט פון קריג. אלפרעד פירט אריין כאיעם־מוישען, מיט געבונדענע הענט אין שטריק, האלטנדיג אים פארן קאלנער, שטייסט אים פון צייט־צו־צייט. פראנץ גיי זיי נאך. ווען די טיר עפנט זיך, דערהערט זיך א ווינט־פייפעריי און שטורם.)

**פראַנץ:**
(טייטלט מיטן פינגער צו כאיעם־מוישען) נו, דו פארפלוכ־טער יודע, וועסט רעדן? וועסט זאגן? מיר האבן דיר געפאקט יודע, פארפלוכטער קאמוניסט! (מאכט בייזע גרימאסע) ווער האט אויפגעריסן דעם בריק? (דערלאנגט אים א פאטש) ווער האט פארגאסן די שפייז מיט קעראסין? (גיט אים ווידער א פאטש) ווער האט פארברענט די באן־סטאנציע? (דער־לאנגט אים נאך א פאטש.)

**אַלפרעד:**
(זאגט נאך אונטערטעניג פראנצ'ן) מיר האבן דיר געפאקט, יודע (ווייזט אויפן האלז) כיק, כיק — און א יודע ווייי־ניגער!

**פראַנץ:**

ווי איז דיין נאָמען, יודע? ביזטו אַ קאָמוניסט?

**כאַיעם־מוישע:**

(מאַכט זיך ווי אַ נעבעכל, צעשראָקן) כאַיעם־מוישע. איך בין אַ וואַסערפירער.

**אַלפרעד:**

(ציט אויס) כ אַ י ע ם ־ מ ו י ש ע . (פרעגט איבער) וואָס פאַר אַ פירער?

**פראַנץ:**

(צו אַלפרעד'ן) פאַרשרייב! אַ פירער פון די פאַרטיזאַנען!

**אַלפרעד:**

(נעמט אַרויס אַ פּאַפּיר מיט אַ בליישטיפט, בלאָזט אין די הענט, ער זאָל קאָנען שרייבן) כ אַ י ע ם ־ מ ו י ש ע , אַ פירער.

**פראַנץ:**

פון וואַנען קומסטו?

**אַלפרעד:**

(זאָגט נאָך) פון וואַנען קומסטו?

**כאַיעם־מוישע:**

(טאַמעוואַטע) איך בין ניט געקומען, זיי האָבן מיר געבראַכט.

**פראַנץ:**

שטיל, דו יודע, איך פרעג פון וועלכן געגנט? מאַך נישט קיין פוילע שטיק!

**כאַיעם־מוישע:**

טאַקע ניט ווייט פונעם שטעטל.

**פראַנץ:**

(בלאָזט אויף די פינגער) זאָג, יודע, וואו געפינען זיך אייערע פאַרטיזאַנען־גרופּן?

**כאַיעם־מוישע:**

(ווייזט מיטן פּוס, ווייל די הענט זיינען געבונדן) דאָ אין וואַלד (ווייזט מיטן צווייטן פּוס) אויך דאָ.

**אַלפרעד:**

(כאַפּט ניט דעם ענטפער) וואו געפינט זיך דאָס שטעטל?

**כאַיעם-מוישע:**

(ווייזט נאָכאַמאָל מיטן פּוס) דאָ, דאָ.

**פראַנץ:**

גוט, גוט, זאָג אַלץ, אַז ניט וועל איך דיין אידישע נאָז אראָפּ־דרייען (ווי צו זיך) ער וועט שוין רעדן. —

**אַלפרעד:**

(ווייזט אַפן נאָז) די נאָז אראָפּדרייען! און אוים נאָזע — אוים יודע!

**פראַנץ:**

(רעדט פון דער זייט צו אַלפרעד'ן) איך גיי אריין אין קוואַר־טיר זיך דערוואַרימען, צוגרייטן די פּאַפּירן, און אויב נויטיג — אויך שטריק פאר זיי. הער צו, אַלפרעד, האַלט אַן אויג אויף אים. דער יודע האָט א סאַך צו דערציילן, און גראַדע איצט האָט זיין לעבן א סאַך די ווערט ביי אונז, היט זיין לעבן! און איך זאָג דיר אַז שטרענג: וועט דער יודע זיך סאַמען, וועסטו געסאַמט ווערן; וועט דער יודע זיך איבערשניידן די אַדערן, וועסטו קריגן צעשניטן: וועט דער יודע זיין דערשאָסן, ווערסטו געשאָסן. איין וואָרט: וועט דער יודע ניט לעבן — וועסטו באַ־צאָלן מיט דיין לעבן, אַכטונג!

**אַלפרעד:**

(סאַלוטירט אים) לויטן באַפעל, הער פראַנץ. העיל היטלער!
(פראַנץ פאַרלאָזט, רייבנדיג זיך די הענט.)

**אַלפרעד:**

יודע, כאַיעם-מוישע, האָסט א פּאַפּיראָס? וועסטו האַנדלען קלוג וועט זיך דיר לוינען.

**כאַיעם-מוישע:**

יאָ, יאָ. אין דער רעכטער קעשענע. א שוועבעלע אויך!

**אַלפרעד:**

יאָ. גוט! (לאַכט) איך וועל דערפאַר לויז מאַכן דעם שטריק אויף דיין האַלז ווען דו וועסט הענגען.

**כאַיעם־מוישע:**

זיי א גוטער, זיי א גוטער, גיב מיר אויך א פּאַפּיראָס.

**אַלפרעד:**

(ווי געריי͏צט זיך) נאַ, יודע! (רוקט אים אריין א פּאַפּיראָס אין מויל און לאָזט אים ניט פאַררויכערן.)

**כאַיעם־מוישע:**

גיב אביסל פייער.

**אַלפרעד:**

אַ נייז, מיט פייער קאָנסטו זיך ניט שפּילן.

**כאַיעם־מוישע:**

טפוו (גיט א שפּיי־אויס דעם פּאַפּיראָס.)

**אַלפרעד:**

(צעלאַכט זיך) כאַ־כאַ־כאַ.

**כאַיעם־מוישע:**

זעסטו, איך בין דיר א פריינט. איך וועל מיר דיר האנדלען ווי מיט א מענטשן, הער אַלפרעד, וואָס איך וועל דיר זאָגן. (טראַכט איבער) פאַר מיין לעבן אַרט מיר שוין גאָרניט (מאַכט זיך טאַמעוואַטע) אבער דיין לעבן איז מיר א שאַד. דו ביסט א סאָלדאַט, איך פאַרגיב דיר דיין שווייניש͏ע האנדלונג. און איך וויל ניט, אַז דו זאָלסט ליידן צוליב מיר. איך האָב געהערט ווי פראַנץ האָט דיר געוואָרנט, וואָס עס וועט געשען מיט מיר, וועט אויך זיין דיין שיקזאַל. דאָס הייסט: אַז מיין לעבן — הענגט אָפּ דיין לעבן.

**אַלפרעד:**

(נייגעריג) יאָ, יאָ.

**כאַיעם־מוישע:**

וויל איך דיר זאָגן, הער אַלפרעד, איך האָב א שוואַך הארץ און פון קעלט קאָן פּאַסירן, איך זאָל אוועקכאַלעשן און אויסגיין. טאַ געדענק־זשע, ווען איך פאַל אַוועק — איז פאַרפאַלן. איך וויל אבער ניט, אַז דו זאָלסט באַצאָלן דעם פרייז פאַר מיר — מיט דיין לעבן. (פּרובירט ווייזן מיטן פינגער) אין די פּאַפּירן אנגעגנייט אויף מיין העמד וועסטו געפינען א באַשטעטיגונג, ווי שטאַרק קראַנק איך בין, און צוזאַמען מיט דער באַ־

שטעטיגונג ליגט אויך איינגעניים אויף מיין העמד א בריוו מיט געלט צו מיין פרוי. בעט איך דיר, פאַרגעס, אַז דו ביסט אַ נאַצי און זיי אַמאָל אַ מענטש — זאָלסט דאָס אַפּשיקן צו צו מיין פרוי. איך וועל דערפאַר בעטן גאָט פאַרן „פירער“, אַז ער זאָל אַלץ דערגרייכן, ניט נאָר די וועלט, נאָר אפילע יענע וועלט . . .

**אַלפרעד:**

(פאַרטראַכט זיך) פיין, גוט. דו רעדסט גאָרניט ווי קיין יודע. (ער שפּאַרט אַן די ביקס לעבן וואַנט און קלאַפּט אַ האַנט אין אַ האַנט. ער כאַפּט דערבײַ אַ זופּ פונם פלעשל וואָס אַפן טיש.)

**כאַיעם־מוישע:**

(רייבט די געבונדענע הענט איינס אַן אַנדערן, בלאָזט אויף זיי) קאַלט, קאַלט! (ווענדט זיך צו אַלפרעד'ן) גיב מיר אַ טרונק בראַנפן, ווייל איך גיי אוים.

**אַלפרעד:**

(זוכט עפּעס צו רעדן) אונזער פירער זעט, אַז אין דריטן רייך זאָל שטענדיג וואַרעם זיין; און ביי אייך — ווי אַן אייז קאַסטן. די פאַרפלוכטע קאָמוניסטן מאַכן קאַלט. (קלאַפּט האַנט אין האַנט. דערלאַנגט אים דאָס פלעשל פון טיש) נאַ, טרינק, נאָר זאָלסט אַלץ דערציילן!

**כאַיעם־מוישע:**

ביי אונז, ביי אונז בלאָזן אַלע טאָג נייע ווינטן . . . (ער גיט אַ ציטער) בר־בר־בר. אַך, פינף מיליאָן סאָלדאַטן האָט אוועקגעשטעלט סטאַלין זיי זאָלן בלאָזן אין אַזעלכע גרויסע בלאָזערס און מאַכן ווינט, פראָסט און אייז . . צו פאַרפרירן די נאַצים, מאַכן פון זיי פּעטשאַ . . .

**אַלפרעד:**

פּעטשאַ? וואָס מיינסטו, יודע? איז דאָס וואָר?

**כאַיעם־מוישע:**

ווי וואָר איך זע דיך אַ מענטשן . . . (פלוצלינג) מיר איז שלעכט, אוים לעבן, איך שטאַרב. איך פאַל, איך שטאַרב און — אוים. מיין האַרץ, מיין האַרץ. בר־בר־בר . . .

**אַלפרעד:**

א נייַן, דו וועסט ביי מיר ניט שטאַרבן. דו וועסט נאָך ברענגען נוצן פאַר דייטשלאַנד און זיין פירער — הער היטלער. דו וועסט מוזן לעבן, יודע! דיינע פאַקטן זיינען וויכטיג. איז דיר קאַלט? אַט האַסטו מיין מאַנטל. (כאַפּט אַראָפּ פון זיך דעם מאַנטל און דעקט צו כאַיעם-מוישען.) ווילסט נאָך א טרונק? (גיט א קוק אַפן זייגער) כאָטש ביז זעקס אַזייגער מוזטו לעבן, דו מוזט!

**כאַיעם-מוישע:**

(פאַנגט אָן ציטערן) בר־בר־בר . . . (נעמט שטאַמלען) היטלע—העריג—באַרשט, בר־בר־בר. (ברעכט צוזאַמען און פאַלט אַוועק.)

**אַלפרעד:**

(ווערט פאַרצווייפלט, וויים ניט וואָס צו טאָן. שרייט): כאַיעם־מוישע, פאַרפלוכטער יודע, וואַך אויף! (צעבינדט אויף גיך די שטריק פון די הענט און פאַנגט אים אָן צו הויבן די הענט אַרויף און אַראָפּ. שרייט צעשראָקן.) יודע, דו מוזט לעבן! וואַך אויף, יודע! (ער רוקט דערווייל די האַנט צו כאַיעם־מוישען אין בוזים, אונטערן העמד, זוכנדיג דאָס געלט. אין א פּאָסיגן מאָמענט גיט כאַיעם־מוישע אים א נעם פאַר די הענט. זיי פאַנגען בײדע זיך אָן צו ראַנגלען. עס געלינגט כאַיעם־מוישען צו פאַרדרייען אים די הענט אויף הינטן און ער בינדט זיי מיט די זעלביגע שטריק.)

**אַלפרעד:**

(האַנגלט זיך) פאַרפלוכטער יודע, לאָז מיך אָפּ! דו שווינדלער וואָס דו ביזט, האָסט מיר אָפּגענאַרט, דו ביזט ניט טויט!

**כאַיעם־מוישע:**

(הערט אויף שפּילן די ראָלע פון א געבעכל)

שטיל, דו שמוציגער קערל! דיין אייגענע קויל וועט דיר באַלד דורכלעכערן. (ער פאַרבינדט אים די פיס, א שאַל איבערן פּאָנים, קערט אים איבער מיטן פּאָנים צום דיל) קיין פאַרע ניט, אויב ס'איז דיר ליב דיין לעבן. פראַנץ וועט דיר באַצאָלן, און מיר וועלן אים באַצאָלן. איר ערזאַץ־מענטשן — איר נאַציס!

(כאַפּט דעם פּאַפּיראָס וואָס ער האָט פריער אויסגעשפּיגן און שאַרט צו מיטן פוס צו אַלפרעד'ן) נאַדיר אַ פּאַפּיראָס, פייער וועסטו קריגן שפּעטער . . . (כאַפּט די ביקס און אַ פלעשל בראַנפן, וואָס שטייט דערביי אַפן טיש) אַ גוטן, אַלפ־רעד. מיר וועלן זיך נאָד זען. זאָג פראַנצ'ן: איר זייט ביידע אידיאָטן! (קערט זיך אום צוריק, טוט אַן אַלפרעד'ס היטל און אויף אַלפרעד'ן זיינע. גיט אַ קלאַפּ מיט דער טיר און אַנט־לויפט.)

(אין דרויסן דערהערט זיך אַ שיסעריי. אַלפרעד וואַרפט זיך פון שרעק ביי יעדן קנאַל. עס דערהערט זיך דאָס קלאַפּן פון פערד־פּאַרקאָוועס. פראַנץ לויפט אַריין מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט שטאַרק צעשראָקן.)

**פראַנץ:**

(לויפט איבערן הויז, שרייט)
אַלפרעד, אַלפרעד! (פאַלט איבער אַלפרעד'ס קערפּער, נעמט שרייען אויפגערעגט און גיט אַ בריקע מיטן פוס) דו פאַר־פלוכטער יודע, האָסט זיך שלאָפן געלייגט! (נעמט אים איבער־דרייען) וואו איז אַלפר — — (בינד אים אָפּ די שאַל פונם פּאַנים, דערזעט אַלפרעד'ן. דרייסט זיך די האָר פון קאָפּ) אָך, דאָנערוועטער, פּאַרראַט! וואו איז דער יודע כאַיעם־מוישע? איך וועל דיר בר־בר־בר . . . (בלאָזט אויף די פינגער.)

**אַלפרעד:**

דער יודע האָט אונז אָפּגענאַרט.

**פראַנץ:**

אונז??

**אַלפרעד:**

יע, אונז. ער האָט געזאָגט: זאָג פראַנצ'ן: איר זייט ביידע אידיאָטן!

**פראַנץ:**

(וואַרפט זיך מיטן רעוואָלווער) דו פאַרפלוכטער הונט. איך האָב דיר געוואָרנט: היט דעם יודע, ער איז דער אַנפירער פון אַ פּאַרטיזאַנישער גרופּע און דו האָסט אים פריי געלאָזן.

**אַלפרעד:**

(פאַלט אויף די קני) אַליין, אַליין, ער אַליין האָט זיך פריי געלאָזט. ער האָט מיר אָפּגענאַרט. דער יודע האָט מיר דער־ציילט, אַז ער האָט וויכטיגע דאָקומענטן אין העמד איינגענייט, און פּלוצלינג איז ער אַוועקגעפאַלן ווי טויט. איך האָב אייער באַפעל פּרובירט אָפּהיטן. איך האָב זיינע הענט צעבונדן, גע־וואָלט מאַכן קלאָפּן זיין האַרץ, נאָר ווי גיך איך האָב פּרובירט אַ זוך טאָן זיינע פּאַפּירן, זיי זאָלן ניט פאַרלאָרן גיין, נו — —

**פראַנץ:**

נו, נו, דומער קערל, אידיאָט!

**אַלפרעד:**

ער האָט געזאָגט: מיר זיינען ביידע אידיאָ — — —

**פראַנץ:**

(דערלאַנגט אים אַ פּאַטש) שטילער, דו פאַרפלוכטער פאַר־רעטער צום פאָטערלאַנד!

**אַלפרעד:**

(בעט זיך) הער פראַנץ, פירט דורך אייער שטראָף איבער מיר, אָבער רופט מיך ניט פאַררעטער. שיסט מיר בעסער.

**פראַנץ:**

יאָ, יאָ, ביזט אַ שווינדלער, ווי דער יודע, און דו וועסט האָבן זיין סאָף.

**אַלפרעד:**

העיל היטלער! (כאַפּט זיך פאַרן קאָפּ) דער יודע איז דאָך אַנטלאָפן צו די רויטע. טוט מיט מיר וואָס איר ווילט, נאָר ניט מיר ניט איבער צו די רויטע.

**פראַנץ:**

(לויפט אַרום ווילד, קלאַפּנדיג איין האַנט אין דער אַנדערער) האַנערוועטער, דאָנערוועטער! (לויפט צו צום טיש, דער־לאַנגט אַ כאַפּ אַ ליידיגע פלאַש) אָך, צום טייוול, דער יודע האָט דעם בראַנפן אויך צוגענומען. (בריקעט און שלאָגט מיט די הענט אַלפרעד'ן איבערן קאָפּ) דום־קאָפּ, פאַררעטער!

(עס דערהערט זיך אַ לויפן, שיסן און געזאַנג פון דער

רויטער אַרמיי. פראַנץ לויפט צו צום פענצטער, קוקט צום דרויסן.)

**פראַנץ:**

מיין גאָט, מיר זיינען אַרומגערינגלט. אידיאָט, וואָס האָסטו געטאָן?

**אַלפרעד:**

(רעדט ווי צו זיך) אידיאָטן, וואָס האָבן מיר געטאָן?

(די טיר צעעפנט זיך, עס קומען אַריין כאַיעם־מוישע און אַ גרופּע פּאַרטיזאַנען, מאַנכע מיט ווייסע ליילעכער איבערגעדעקט, האַלטן רעוואָלווערן אין די הענט.)

**כאַיעם־מוישע:**

(צו אַלפרעד'ן) נאָ, איך האָב דיר צוריקגעבראַכט דיין שמוציגע היטל. געדענקסטו וואָס פראַנץ האָט דיר געזאָגט? וואָס עס וועט געשעען מיט דעם יודע, וועט געשעען מיט דיר אַלפרעד, נו, דער יודע איז ווידער מיט דער רויטער אַרמיי און אַזוי וועט זיין מיט דיר! דו וועסט זיין ביי די רויטע פּאַרטיזאַנער אַ געפאַנגענער און דאָס וואָס עס וועט געשעען מיט דיר אַלפרעד, וועט אויך געשעען מיט אים, — מיט הער פראַנץ.

(ווייזט צו איינעם פון די פּאַרטיזאַנען) קייטלט זיי צוזאַמען און מאַרש! איצט וועט א י ר רעדן! איצט וועט איר זאָגן! פאַרפלוכטע נאַציס, איר ערזאַץ־מענטשן! (פּאַרטיזאַן קייטלט זיי צוזאַמען, קערט זיי אויס צום טיר.)

**פראַנץ:**

(צעקאַכט אויף אַלפרעד'ן) אידיאָט!

**אַלפרעד:**

(דערשלאָגן) אידיאָטן וואָס מיר זיינען!

**כאַעים־מוישע:**

(ווייזט מיטן האַנט) מאַרש, איר שענדער פון דער וועלט, קיין פוס פון אייער שענדלעכער אַרמיי וועט ניט בלייבן אויף סאָוועטישן באָדן, איר וועט אויסגעראָטן ווערן, ווי אַלץ וואָס איר האָט געכאַלעמט צו פאַרכאַפּן, בלויז יענע נאַציס וועלן בלייבן אויף סאָוועטישער ערד, יענע (ווייזט מיטן

פינגער צו דער ערד) וועלכע ליגן אין דר'ערד . . .

מיר, די אידן, צוזאמען מיט אלע פעלקער אין סאוועטנ־לאנד, וועלן קעמפן ביזן לעצטן טראפן בלוט, מיר וועלן אייך ניט לאזן צעשטערן דאס לאנד, וואס האט געגעבן פרייד און גליק צו אלע מענטשן צוגלייך — אויף א זעקסטל פונם ערד־קוגל. דער טאג פון זיג וועט און מוז קומען! מארש!

**פארטיזאנען:**

(אלע) מארש!

**פראנץ:**

(גיט א הויב די האנט, וועלכע איז צוגעקייטלט צו אלפרעד'ן) העיל היטלער, היטלער — די פאן פון די ריינע אריער.

**כאעים־מוישע:**

(בראוו) די פאן וועט אבער אינגיכן הענגען אין בערלין . . .

(זיי פאנגען אן ארויסגיין פון טיר. עס דערהערן זיך פרייד־געשרייען און רויט־ארמייאישער געזאנג.)

**( ס א ף )**

ס ע ם   ל י פ צ י ן

# פון קריג — צום זיג

(אויף דער מעלאָדיע: „אויב ס'וועט מאָרגן זיין קריג")

האָט צעעפנט די שלאַנג — איר גרויס-מויל, ווי אַ צוואַנג,
און שטשירעט אויף אונז אירע ציינער.
שטעלן מיר זיך אין ריי — מיט דער פרייהייט־אַרמיי,
און מיר קעמפן אַלע ווי איינער!

אויפן יאַם, אויף דער ערד, אין דער לופטן.
שטייט אַ וואַך גרייט — מיט אויג און געווער.
געגן סוינע פון לאַנד — מיט דער פאָן אין דער האַנט,
פאַר אַ זיג! פאַר אַ זיג! יאָ, איך שווער! . . .

ניט נאַצי־כאַפ־לאַפ — ניט „דוטשע", ניט „דזשעפ"
וועט אונז וואו אין דער וועלט איבערשרעקן.
די פאַראייניקטע האַנט — וועט צעברעכן די וואַנט,
זייער פאַנים אינגאַנצן אָפּמעקן! (רעפריין)

זעט, עס אַרבעט די שפּין — אין רוים, טאָקיאָ, בערלין —
וויל אַ וואַנט קעגן פרייהייט פאַרוועבן.
נאָר דער שפּינוועב ווערט שוואַך — און עס שטאַרקט זיך די וואַך —
אינם קאַמף פאַר דער פרייהייט און לעבן. (רעפריין)

לאָזט קיין זאַך ניט אין קאַן — יונג און אַלט נעמט די פאַן—
די „אַקס" מוז זיך ברעכן און פאַלן.
דורך קויעך און בלוט — מיט מויעך און מוט —
זאָל אַ זיג פאַרן פאָלק זיך צעשאַלן! (רעפריין)

ק ר י ג  א ו ן  ז י ג

# די כאַפּ־לאַפּערס

(אויף דער מעלאָדיע: „אפּנעשמיסענער קאַפּיטאַליסט)

שטורעמדיג און בליציג, און פאָראויס מיט דער האַנט. —
טראַלאַ־לאַ, טראַלאַ־לאַ.
האָט היטלער זיך געלאָזט צום סאָוועטן־פאַרבאַנד —
בו־אואו, בו־אואו.
מיט גרויס אַפּעטיט געגומען שלינגען,
און אַ לויב פאַר זיך צו זינגען.

כאַ־כאַ, כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ.

מיט דעם „דוטשע" און מיקאַדאָ זיך צוזאַמענגערעדט —
טראַלאַ־לאַ, טראַלאַ־לאַ.
מאָסקווע פאַרנעמען, ער וועט און וועט . . .
בו־אואו, בו־אואו.
געמאַכט שוין פּלענער, געגעבן באַפעלן
ווי אַזוי דאָס איינצושטעלן.

כאַ־כאַ, כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ.

האָבן זיך די האָרדעס שטאַרק דערפרייט —
טראַלאַ־לאַ, טראַלאַ־לאַ.
און מיט קויעך די „אַקס" האָט זיך צעדרייט —
בו־אואו, בו־אואו.
אַ קלונג געטאָן האָט היטלער מיט די שפּאָרן,
און אויף דער וועלט אַרויפגעפאָרן.

אַי־אַי, אַי־אַי, אַי־אַי־אַי, אַי־אַי־אַי, אַי־אַי־אַי,

ווי ער האָט זיך פאָראויס נאָר געגעבן אַ רוק —
טראַלאַ־לאַ, טראַלאַ־לאַ.

סעם ליפצין

געכאפּט גלייך אַ זעץ האָט ער אינם שנוק —
בו־אואו, בו־אואו.
עס סקריפּעט די „אָקס״ שוין ביים גרויסן בעריע,
אַנשטאָט שטעט — ער קריגט די כאָלעריע.

כאַ־כאַ, כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ, כא־כא־כא.

טומלט ער איצט מיט זיין פינפטן קאָלום —
טראַלאַ־לאַ, טראַלאַ־לאַ.
אויסן איז ער נאָר צו האָבן שאָלעם —
טראַלאַ־לאַ, טראַלאַ־לאַ.
נו, גיבן אים די רויטע אַזאַ שאָלעם . . .
אַזש ער דערזעט דער באָבען אין כאָלעם.

כאַ־כאַ, כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ, כא־כא־כא.

איצט בייסט ער זיך די וואָנצעס, מאַכט פוילע שטיק —
טראַלאַ־לאַ, טראַלאַ־לאַ.
די נאַציס זיי לויפן אין אַ בליץ — קאַריק . . .
טראַלאַ־לאַ, טראַלאַ־לאַ.
צעשראָקן שרייען די ווילדע הונען,
לויפן ווי קנאַקער אָן די נונען . . .

כאַ־ כא, כאַ־כאַ, כאַ־כאַ־כאַ, כאַ־כא־כא, כאַ־כאַ־כאַ.

סעם ליפצין

# דער מאַמע׳ס וואַפן

(געווידמעט די מאַמעס, וועלכע שטריקן פאַר די אַרמייען אין קאַמף פאַר פרייהייט)

האַלט אַ מאַמע אַ קנויל אין שויס,
אַ סוועטער טוט זי שטריקן.
אַ מאַטאַנע די אַרמייען
וויל זי איבערשיקן.
ציילט זי „אויגן״, ווי סאַלדאַטן,
גייט אַהין — צוריק.
פאַר די וואָס שטייען אין די רייען —
שטריקט! שטריקט! שטריקט!

אירע זין אַוועק אין קריג,
מיטן סוינע זיך צו שלאָגן:
זאָל געבענטשט זיי זיין די הענט,
צו קאָנען וואָפן טראָגן,
זאָגט די מאַמע פול מיט ליבע,
(גיט דאָס בילד אַ דריק):
מיר וועלן העלפן מיט די שפּיזלען
שטריקט! שטריקט! שטריקט!

קייטלען זיך די „אויגעלעך״,
דער וואָל טאַנצט אום אין לאָקן,
און די שפּיזלען וואַרפן זיך,
שטריקן אַ פאַר זאָקן.
יעדע „אויג״ קוקט זיך צו,
וואַרפט אַ ליבן בליק:
פאַר דער פרייהייט פון דער וועלט —
שטריקט! שטריקט! שטריקט!

זיינען זאַקן פאַרטיג שוין,
נעמט מען הענטשקעס מאַכן.
קוקן „גרויע אויגעלעך״ . . .
ווי זיי וואָלטן לאַכן:
דיינע הענט, די גאָלדענע,
זיי וועבן איצט דאָס גליק,
פאַר די קעמפּער פון דער וועלט —
שטריקט! שטריקט! שטריקט!

יעדע „אויג״ איז אויף דער וואַך,
די שפּיזלען לויפן, בלאַנקען,
זיינען הענטשקעס פאַרטיג שוין
צו קירעווען די טאַנקען.
פאַרן וועט זיך דער טאַנקיסט,
צעררייסן סוינעס בריק:
פאַר דער מענטשהייט פון דער וועלט —
שטריקט! שטריקט! שטריקט!

אַ וואַרעמע האַנט דער אַרמיי,
מיט זאַקן, הענטשקעס, שאַלן.
זאָל אַ זיג איבער דער וועלט
גיכער זיך צעשאַלן!
ווינקט דאָס „אויגל״, טאַנצט דער קנויל,
טאַנצט ווי צו מוזיק.
דער מאַמע׳ס שפּיזלען . . . ווערן וואָפן —
שטריקט! שטריקט! שטריקט!

# „מיר געדענקען פּוירל האַרבּאָר!״

(מעלאָדיע: „סאָלידאַריטי פאַרעווער״)

פאַראייניגט שטייט איצט פרוי און מאַן,
פאַרטיידיגט אונזער לאַנד;
אין אַ קאַמף אויף אָפּצעווישן
פון דער וועלט די שאַנד.

מיר געדענקען „פּירל האַרבאָר"
זאָגט פעסט — אַנקל סעם —
דערלאַנג! דערלאַנג אַ פּלעם!
מיר געדענקען פּירל האַרבאָר!
מיר געדענקען פּירל האַרבאָר!
מיר געדענקען פּירל האַרבאָר
**V — for Victory.**

אויף רעכטער זייט — אויף לינקער זייט,
און פאַראויס מאַרשירט —
צו אַ זיג פאַר מענטש און רעכט,
אַלץ מוז זיין געפירט.
די אַרבל זיינען איצט פאַרקאַטשעט,
צילענדער אָן אַ זייט;
אַנקל סעם — אין פּייט!   (רעפריין)

די אַקס האָט זיך אויף וועלט צעפאָרן,
פאַרניכטעט מענטשן-מין;
מוזן מיר די אַקס צעברעכן,
פאַרניכטן ווי אַ שפּין!
ווי איין האַנט איז איצט פאַראייניגט:
„אַדלער", „לייב" און „בער" —
אַלע צום געווער!   (רעפריין)

# היטלער־שוויין

(אויף דער מעלאָדיע: „מאַשקע כאַזער")

רופט זיך „פירער" היטלער — נאַצי-שוויין.
אַ קאַרעטע געמאַכט זיך — מיט זיין שנוק אַריין,
וויל נאָר זיין אַ כאַזער גאָר אַ גרויסער
און זיצן ביי דער קאַרעטע — ווי אַ גאַנצער קייסער.

קוויטשעט, אַז די וועלט, זיין וועט אַ שטאַל,
זיין כאַזער־פיסל וועיזן געגומען איבעראַל.
פאַרנומען זיך צום ריען און צום גראָבן,
ס'האָט פאַרוואַלט זיך אים — מאַסקווע צו האָבן.

נאָר ווי דער שוויין האָט געגעבן זיך אַ רוק,
אַ זעץ געקראָגן האָט ער אויף זיין גרויסן שנוק.
אַנשטאָט צו קריגן עפּעס וואָס צו קייען,
קריגט ער גאָר קלעפּ, מ׳לאָזט אים ניט פאַרדייען.

נאָר אַזוי איז שוין אַ כאַזער גאָר באַשערט,
כרוקען שטענדיג נאָר און גראָבן זיך אין ערד.
ער האָט געוואָלט — נאָר שוין — ער האָט כאַראָטע —
אַנשטאָט אין מאָסקווע — ליגט ער גאָר אין בלאָטע!

# נייע צייטן

(אויף דער מעלאָדיע: „איז געקומען צו מיר אַ כאַוער״)

שוין, עס בייטן זיך די צייטן — טאַי־דאַ־דאַי־דאַי־דאַי־דאַם.
רויטער שטערן לויכט פון וויטן — טאַי־דאַ־דאַי־דאַי־דאַי־דאַם.

דער קאַמף איז, ברידערלעך, פאַרן לעבן,
שליסט די רייען ווי אַ צאַם.
וועט דער זיג — געזאַנג אונז געבן,
טאַי־דאַ־דאַי־דאַי־דאַי־דאַם.

פאַרברענט די ערד — נאָר ניט דעם גלויבן.
פאַנען ווייען — הענט זיך הויבן. (רעפריין)

רויטער שטערן, סערפּ און האַמער —
האַלט דעם סוינע פעסט אין קלאַמער. (רעפריין)

די רויטע העלדן — די דראַגונער,
צאַלן פאַר דעם בליץ — מיט דונער. (רעפריין)

געמאַכט האָט סטאַלין אַ האַסכאָלע,
פאַר דעם נאַצי אַ מאַפּאָלע. (רעפריין)